דאָראַ שולנער

# פּערזענלעכקייטן אין יידישן לעבן



אַרויסגעגעבן פון
דאָראַ שולנער בוך־קאָמיטעט
שיקאַגאָ 1963

איך ווידמע מיין בוך „פערזענלעכקייטן
אין יידישן לעבן" צו מיינע ליבע קינדער.
אויך דערמאָן איך אייער פאָטער מיט פיל
פאַרערונג. זאָל זיין נאָמען חיים-אהרן
שול־נער, זיין געהייליקט.

## פון זעלבן מחבר:

1) אַזוי האָט פּאַסירט
2) מילטשין
3) אסתר
4 געשטאַלטן

# אַרייַנפיר

די לעצטע צייט טראַכט איך ווידער פון מיינע פאַרלאָפענע יאָרן. וואָס איז, דוכט זיך, דאָ צו טראַכטן? אָבער עס טראַכט זיך פאָרט.

אָט לעב איך שוין דריי יאָר אין אַ וואַרעם לאַנד; מיין צימער איז באַקוועם, איך קען שרייבן וואָס איך וויל, איך בין מיט אַלץ צופרידן, און דאָך זאָג איך ניט דעם אמת.

די לעצטע דריי יאָר זיינען שנעל פאַראיבער און איך גיי ווידער אַריין אין אַ נייער וועלט. די טראָפּישע היץ מאַכט מיך יונגער ווי מיינע יאָרן און איך זע תמיד פאַר מיינע אויגן אַלטע מענטשן.

איז, פאַרוואָס זיינען יענע אַלט און איך יונג?

ניט לאַנג צוריק האָב איך געלייענט זייער אַ נאַריש בוך און מען זאָגט אַז דער שרייבער פון בוך איז אַ קלוגער און געלערנטער, איז ווי קאָן אַ קלוגער שרייבער אָנשרייבן אַזאַ נאַריש בוך? ער רופט דאָס בוך אָן מיטן נאָמען „מיין געוויסן". ער ברענגט אַרויס פיל פרויען מיט וועלכע ער האָט געלעבט ווי אויך זיין פרוי, און ער גיט צו אַז ער האָט אַלע זיינע פרויען ממש פאַרניכטעט, און צו דעם, אַז מען זאָל אים גלויבן, האָט ער אין דעם דאָזיקן בוך די בילדער מיט פאַרשיידענע פרויען, ווי אויך ביל־דער מיט זיין געזעצלעכער פרוי, וועלכע איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד.

צו וואָס, טראַכט איך, האָט דער שרייבער געשריבן אַזוי נאַריש? דאָס זעלבע, פאַר וואָס וויל איך שרייבן נאַרישקייטן?

עס איז דאָ נאָך אַ שרייבער. וואָס יענער רעדט נאָר פון סעקס, אַ מאַניע אַזאַ — מעגלעך אַז שרייבן ביכער האָט טאַקע צו טאָן מיט גע־ווויסע אונטערבאַוואוסטזיניקע אויסדרוקן פון „אַרונטעררעדן זיך פון האַרצן" וואָס אונדז דריקט אַמשטאַרקסטן.

איך וויל דערציילן פון דער אָרעמקייט וואָס איך האָב זייער פיינט און מוז מיט איר לעבן בשלום.

היינט איז מיין געבוירנטאָג. קיינער געדענקט ניט דעם טאָג. ווייל מיין מאַמע איז געווען 45 יאָר צו מיין געבורט און זי האָט מיר דערציילט

אַזוי: — זי האָט געוואָלט איך זאָל שטאַרבן אָן אַ נאָמען, אָבער ביינאַכט האָט זיך איר געחלומט צוויי מומעס וואָס האָבן איר געבראַכט צוויי פּלע־שער ווייַן. זי האָט געפרעגט די מומעס ווי זיי הייסן. האָט איינע געזאָגט מומע דאָבריש, די צווייטע מומע דבורה. אָט מיט די דאָזיקע צוויי נעמען לעב איך אויס מיינע יאָרן. קיין שום קינדער־יאָרן האָב איך ניט געהאַט, ווייל אויפן 16טן יאָר מאַכט מען מיך חתונה. איך וואָלט געקאָנט דערציילן פון יענע יאָרן זייער פיל, איך בין די 13טע. פון די 13 זיינען געבליבן זיבן. איך די מיזינקע. אַלע זעקס האָבן געהאַט צו צען קינדער, איך בלויז פיר, אויף לאַנגע יאָרן.

מיין מאַמע האָט זוכה געווען צו 64 אייניקלעך: איר טאַטע — 64 אוראייניקלעך. (זי איז ביי אים געווען איינאונאיינציקע. דער זיידע האָט געלעבט ביז 104 יאָר. מיין טאַטן געדענק איך קוים, ער איז יונג גע־שטאָרבן. מיין מאַמע איז צו 72 יאָר אויסגעגאַנגען פון הונגער אין דע־ניקינ׳ס פּאָגראָמען. וואָס איך האָב געקענט, האָב איך אין מיין ערשטן בוך דערציילט. איצט, אין מיין פינפטן בוך איז נאָך דאָ אַזוי פיל צו דער־ציילן! איז, צו וואָס זיך אָנרעדן? .

אָבער, ווי אויבן געזאָגט, דעם שרייבער אָדער שרייבערין ווילט זיך רעדן און שרייבן נאַרישקייטן. פון לאַנגווייליקייט לאָז איך מיין פען שרייבן, אַז איך האָב ליב רעגן און שטורעם. ווען עס דונערט און עס בליצט, זע איך גאָט ווי ער צאַרנט, דעמאָלט גיי איך אַרויס אין רעגן און וואַנדער, — דאָ וווּ איך בין איצט, איז ניט רעגנדיק, נאָר תמיד זוניק און שיין און אָט די שיינע טעג רופן ביי מיר אַרויס אַ פאַרקערטע שטי־מונג. איך באַשרייב מענטשן, סאַמע די שענסטע. אוודאי קען איך שרייבן פון מיאוסע מענטשן אויך, אָבער צו וואָס ברענגען קראָפּעווע? אַלע קע־נען דעם שקר, דעם באַרימער, דעם חונף, און זייער אָפט געפינט מען זיך ביי אים אין שטוב און מען שמייכלט צו אים, איז צו וואָס אים זאָגן „אויסוואורף״? זיין שטאַרקייט וויל איך ניט בייקומען, אחוץ איך טראַכט, אַז אייביק וועט ער ניט לעבן און אַז גאָט וויל פון אים די מאַסקע ניט אַרונ־טעררייסן, ווועל איך עס דען דערגרייכן?

טאָ וואָס וויל איך איצט דערציילן? יאָ, פון מיינע איצטיקע טעג און מען קען זאָגן, עלטערע יאָרן, וואָס לויפן פאַרביי מיינע אויגן. פאַרהאַלטן קען איך זיי ניט. יאָרן שטייען ניט אויף איין אָרט. אַלע טאָג ווערט מען

עלטער. מיר זאָגט מען עס ניט, אָבער איך פיל זיי אַליין. און צו דעם האָב איך ליב שיינקייט. די דאָזיקע שיינע טעג ברענגען מיר צוריק צום אַמאָל, — ווידער אַ באַגעגעניש, אַ מענטש רופט מיך אויפן טעלעפאָן, ער זאָגט עס איז דרינגענד, ער מוז קומען. איך בין נייגעריק וויסן וואָס ער וויל זאָגן. זיין פאַרלאַנג איז, מיך איבעראַנדערשן. צו וואָס, זאָגט ער מיר, דאַרפט איר טראָגן אייער גרויסן הוט?

אָרעמער, אָרעמער מענטש! איך קוק אויף אים מיט רחמנות און טראַכט פאַרוואָס ווילן ניט די מענטשן אַז צווישן זיי זאָל זיך דרייען אַ מענטש וואָס איז ניט ווי זיי?

יונה ראָזענפעלד האָט מיר אַמאָל געזאָגט, אַז אַ הונט, ווען ער ליגט אין דרויסן און אַ צווייטער הונט ליגט זיך נעבן אים, וועט ער ניט בילן, אָבער זאָל זיך אַ מענטש לעבן אים צושפּאַרן, וועט ער באַלד זיך צעהאַווקען, ווייל אַ מענטש באַלאַנגט אין אַ שטוב.

איז דעריבער? יאָ, דעריבער מוז איך ווערן אַנדערש, אַניט באַלאַנג איך אין אַ שיינער, באַקוועמער היים. איז עס ניט נאַריש גערעדט?

אַן אויסדערוויילטע פריינדין האָב איך אין ניו־יאָרק, אַ פּראָפעסאָרשע פון טייפּינג, גלויבט זי אין מיר. זי זאָגט מיר: דאָראָ, דו קאָנסט זאָגן דאָס וואָרט. זאָל איר נאָמען זיין געבענטשט פאַרן גלויבן אין מיר. איך פּרוּוו, און די הויפּט זאַך, איך וויל זאָגן דאָס וואָרט פון דער אייביקייט עס זאָל מיר געלינגען. אַלע טאָג שרייב איך, אַלע טאָג זע איך אַנדערש. איבערמאַכן דאָס וואָרט קען מען ניט, עס איז ווי פייגעלעך וואָס בעטן זיך צו פליען. איך דאַרף זיי לאָזן.

גייענדיק אויף מיין וועג באַגעגן איך אַ סך אויסטערלישע באַגעגענישן וועלכע איך פּרוּוו צייכענען און וויל באַשרייבן די פירנדיקע ליכט. אויף אַ קליינעם מאַסשטאַב שאַף איך אַ ווינקעלע אין מיין איצטיקן בוך אין פאָרם פון אַ קליינער אַנטאַלאָגיע, וואו יידישע דיכטערינס שפּיגלען זיך אָפּ אין זייער פולער שיינקייט. איך ציטיר זייערע האַרציקע לידער, וואָס זיינען מיר נאָענט צו מיין נשמה; אויך שרייב איך פון די לייענקרייזן וווּ פרויען לייענען און שטודירן די שיינע ליטעראַטור, פון שרייבער וועלכע באַגייסטערן דעם געמיט. איך זאָג אַ גלייכוואָרט, עס איז מיינער אַן אויסדרוק, אַז אונטער יעדן גרויסן מענטשן שטייט הינטער אים תמיד נאָך אַ פיל גרעסערער מענטש, וואָרים אָן יענעם גרויסן מענטשן, וואָלט

מען ניט דערגרייכט אַט די שטופע וועלכע מיר צייכענען זיך אָן. אונטער מיר זייַנען געווען די סאַמע שענסטע פּערזענלעכקייטן, וועלכע האָבן דער־מעגלעכט דעם פינפטן בוך וואָס איר לייענט.

טייערע פריינט, איר וועט דאָ געפינען אייערע נעמען. איר זאָלט אַלע זיין געבענטשט פון גאָט. איר האָט באַרייכערט מיין טאָגטעגלעכן לעבן, וואָס איז צייטנווייז געווען זייער גרוי און אָרעם. איבערהויפּט פון זינט מיין ליבער מאַן איז אַוועק אין זיין וועלט ווו ער וואַרט אויף מיין קומען און לאָזט מיך דערווייל זיין מיט די לעבעדיקע. מעגלעך אַז איך האָב אַ מיסיע; אפשר דאַרפן מיך נאָך מיינע טייערע קינדער, וועלכע אינ־ספּירירן מיך, און טאַקע פילע לייענער און גוטע פריינט דאַרפן מיך. פאַרן מענטשן איז נויטיק ליבעזעליקייט און די דאָזיקע זעליקייט האָב איך געקראָגן פון די גרעסטע מענטשן מיט דער פולער מאָס.

איך זאָג פון האַרצן, אַז מיר האָבן אין אונדזער יידישער ליטעראַ־טור באַרימטע שרייבער וואָס פאָלגן נאָך די קלאַסיקער. עס איז אַ גרויסער פאַרגעניגן זיי צו לייענען. נאָך זאָג איך, אַז ווען אַ מענטש לייענט יעדן טאָג די שיינע ליטעראַטור, איז פונקט ווי ער דאַוונט און לערנט תורה. עס גיט דעם מענטשן זייער פיל פרייד בייצוקומען די שווערקייטן וואָס יעדער טאָג ברענגט צו אים.

מען פרעגט מיך וואָס טו איך צו מיין יוגנט וואָס די עלטער שטייט ניט צו? איך טו אַבסאָלוט גאָרניט אַחוץ וואָס איך לייען און שרייב. איך האָב ליב דאָס יידישע וואָרט, דאָס יידישע טעאַטער און אונדזער יידישע קונסט. איך בין ניט קיין שאָוועניסט. יעדער פאָלק פילט דאָס זעלבע, ער היט זייַנע אוצרות. יאָ, איך צייכן מאָריס שוואַרצן ווי אַ סימבאָל פון יידישן קונסט טעאַטער און פון אַ מענטשן וועלכער איז אויך אַ ביישפיל ווי אַזוי מען האָט געליבט דעם קינסטלער מאָריס שוואַרץ.

ווען עס געלינגט מיר אַרויסצוברייגען אַיך בילד אין פאָרם פון קונסט, איז עס אַ בילד פון יענער צייט וואָס איז פון אונדז פאַרשוווּנדן.

יעדער שורה איז פאַר אייך, מיינע טייערע לייענער, וועלכע האָבן אין מיר געגלויבט.

לייענט מיך געטריי און זייט אַלע געבענטשט!

מיט האַרציקער ליבע, אייער,

דאָראַ שולנער

לאָס אַנדזשעלעס, קאַליפאָרניע, 1961

## דאָראַ שולנער

# יידישע שרייבער אין אמעריקע

לייענענדיק יצחק יאנאסאוויטשעס בוך „מיט יידישע שרייבער אין רוסלאַנד", וועל איך פּרובירן שרייבן „מיט יידישע שרייבער אין אַמע־ריקע". און פּונקט ווי יאנאסאוויטש שרייבט אַז מען זאָל ניט זוכן קיין קריטיק אין זיין בוך, זאָג איך דאָס זעלבע: זוכט ניט אין מיין שרייבן קיין אויסערגעוויינלעכעס, איך וויל בלויז דערציילן ווי דער יידישער שרייבער לעבט אין אַמעריקע.

צוליב מיין אַרומפאָרן איבערן לאַנד און אין אַנדערע לענדער, האָב איך געהאַט דאָס גליק צו באַקענען זיך מיט די גרעסטע שרייבער. נאָך מיין מיינונג זיינען גאָר קיין קליינע שרייבער ניטאָ. עס ווענדט זיך נעבן וועמען דער שרייבער געפינט זיך. אויב ער האָט גליק און געפינט זיך נעבן אַ באַרימטן שרייבער, זאָגט ער אים: „האַלט זיך אין די ראַמען, פליט ניט נאָך אַנדערע, רייסט זיך ניט צו ווערן באַרימט. עס מיינט גאָרניט". אַזוי רעדט אַן עלטערער צו אַן איינגערן, נאָך ניט דערפאַרענעם שרייבער וועלכער וויל ווערן באַרימט איבערנאַכט ווי שלום אַש, ז. שניאור און אפילו ווי י. ל. פּרץ. פאַר וואָס ניט? זיי, די גרויסע, לעבן שוין ניט מער, טאָ פאַר וואָס ניט וועלן?

מיר זעען אַ טרויעריקע דערשיינונג פון פּרעמיעס. זיכער זיינען דאָ פּאַרדינסטפולע פּרעמיעס, אָבער די וואָס שטייען אויבנאָן האָבן זיך אַרויפגעכאַפּט אויפן פערדל און האַלטן די לייצעס אין זייערע הענט און טוען וואָס זיי געפעלט בעסער.

צו וואָס ברענגען ביישפּילן פון סטאַלינס רעזשים און פון די פאַר־פייניקטע שרייבער, זיינען דען דאָ אין אַמעריקע שרייבער פון ביידע ריכ־טונגען ניט פאַרפייניקט געוואָרן ביזן טויט? ווער ווייס עס ניט ווי אַזוי יונה ראָזענפעלד האָט געלעבט אָפּגעזונדערט און פאַרמאַטערט איינער אַליין. מען קען אויסרעכענען אַ גרויסע צאָל שרייבער וועלכע האָבן גע־זוכט אַ וואַרעם וואָרט און עס קיינמאָל ניט געפונען. וואָס איז געווען מיט ז. סעגאלאָוויטש? ז. שניאור, דערציילט מען, איז געזעסן אין ישראל ביים

ים און געשאָלטן, פאַר וואָס? דאָרטן, ווי דאָ און אומעדום, איז דער שריי־בער הימלאָז. אויב ער וויל דרוקן זיינס אַ דערציילונג, מוז ער אַליין באַצאָלן פאַר דעם. איז דאָס אַ נאָרמאַלער צוגאַנג?

דוד בערגעלסאָן, האָפשטיין, דער נסתר און אַלע אַנדערע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן ווייל מען האָט זיי פאַרמסרט. איציק פעפער האָט געמאַכט סטאַלינען פאַר אַ גאָט. אויך דאָ אין אַמעריקע מאַכט מען אַ קליינעם מענטשעלע פאַר אַן אָפּגאָט.

די שרייבער דאָ ווײנען אויף די אומגעקומענע יידישע שרייבער אין סאָוועטנפאַרבאַנד. וואָס טוען דאָ די יידישע שרייבער פאַר זייערע קאָלעגן? זיי גיבן זיי שיינע לויהס און האַלטן פיינע דרשות. אַלץ נאָכן טויט. ביים לעבן גיט מען דעם גרעסטן שרייבער גאָרנישט. ווי קענען זיי אים עפּעס געבן אַז זיי האָבן זיך גאָר פיינט. אונדזערע קריטיקער זיינען ווי מאַשינאָווע מצות, זיי באַקן אָפּ אַ קריטיק. איז אַנשטאָט זיך צו פרייען איינער מיטן אַנדערן, רייסט מען זיך אַרום. דאָס פאָלק גיט דעם שרייבער זיין ליבע מיטן גאַנצן האַרצן, אָבער די שרייבער זיינען ניט גאַנץ מיט זיך.

איך רעד דאָ הויפּטזעכלעך פון שרייבער וועלכע האַלטן זיך פאַר באַרימטע און האָבן מורא צו זאָגן אַ גוט וואָרט אַ קאָלעגע טאָמער וועט ער זיך באַנוצן מיט זיין מיינונג און ווערן מער באַרימט פון אים. אונדזערע קלאַסיקער האָבן זיך דעם נאָמען ניט גענומען, די לייענער האָבן זיי געגעבן דעם נאָמען קלאַסיקער. אַזעלכע באַרימטע שרייבער ווי: י. דינעזאָן, מרדכי ספּעקטאָר, י. מ. ווייסענבערג, נאָמבערג און אַנדערע, האָט זיי דוד פרישמאַן איגנאָרירט, אָבער י. ל. פרץ האָט זיי דערהויבן. ז. ווײנפּער שרייבט „ אַ באַגעגעניש מיט פּרוי פרץ" שוין נאָך פרצ'ס טויט. נחמן מייזיל שרייבט: „יענע עפּאָכע איז געווען זייער פרוכטבאַר". פרץ הירשביין, דוד פּינסקי און פילע אַנדערע, שרייבן וועגן פּרצ'ן ווי גרויס ער איז געווען און אים געקרוינט אַלס דער פאָטער פון דער יידישער ליטעראַטור. פרעגט זיך, פאַרוואָס איז אין אַמעריקע ניטאָ אַזאַ באַציאונג? מיר האָבן איצט דאָ אַזעלכע באַגאַבטע שרייבער ווי: חיים גראַדע, מרדכי שטריגלער, כאַווער פּאַווער, איציק מאַנגער און פילע אַנדערע.

עס ווערט זייער אומעדיק צו לייענען אַז עס איז ניטאָ קיין פּלאַץ וואו אַ שרייבער זאָל קענען קומען זיך אויסלעבן, איז וואָס איז דער אונטערשייד ווי אַזוי שרייבער שטאַרבן? דאָרטן האָט מען זיי אומגעבראַכט

מיט אַ קויל, און דאָ ברענגט מען זיי אום מיט ביטל. דער שרייבער איז דאָ דער עלנדסטער מענטש. דער קינסטלער דאַרף האָבן אַ סביבה ניט קיין פּרעמיעס. דאָס בוך דר. זשיוואָגאָ האָט געקראָגן אַ פּרעמיע און דער שרייבער האָט באַצאָלט מיטן לעבן. דאָ, אין אַמעריקע, באַצאָלט מען מיט קינאה און שנאה, דער צוגאַנג איז בלויז אַן אַנדערער. עס געווענדט זיך ווער עס שטייט אונטערן פּרעמירטן שרייבער אָדער קינסטלער... דער צוגאַנג איז אַ שלעכטער.

אַ פרוי וועלכע דענקט זייער הויך פון זיך, האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „אַך, ווען איך קען זיך באַגעגענען מיט אַ מענטשן וואָס איז גרעסער פון מיר". עס זיינען דאָ זייער פיל שרייבער און קינסטלער וועלכע דענקען שטענדיק פון זיך, אַז צו זיי איז ניטאָ קיין גלייכן, דעריבער שאַפט זיך ניט די סביבה פאַרן שרייבער.

לייענענדיק יאַנאָסאָוויטש׳ס בוך, האָב איך געוויינט און געלאַכט, חוץ וואָס ער איז אַ גוטער שרייבער, פאַרמאָגט ער אַ געזונטן הומאָר. ער באַשרייבט לייב קוויטקאָ פאַר אַן ערלעכן קאָמוניסט. ז. שניאור האָט מיר אַמאָל געזאָגט: „אַ יידישער שרייבער זאָל גאָר שרייבן וועגן חזרים׳־לעך אין ביראָ־בידזשאַן, דאָס איז מה־יפית, קיין אַנדער טעמע האָט ער, קוויטקאָ, ניט געהאַט? איצט, לייענענדיק פון קוויטקאָן ווי געטריי ער איז געווען צו זיין היימלאַנד און ליב געהאַט אַלץ און אַלעמען, איז מיר קלאָר געוואָרן פאַר וואָס ער האָט באַשריבן אַפילו די חזרים׳לעך אין ביראָ־בידזשאַן. אַזאַ ליבע פון דעם שרייבער האָט ז. שניאור ניט פאַר־שטאַנען.

יאַנאָסאָוויטש דערציילט: „איך דערמאָן זיך מיין ערשטע באַגעג־ניש מיט ל. קוויטקאָ אין ביאַליסטאָק, אין יאָר 1940, פון מאָסקווע איז דאַן אָראָפּגעקומען צו אונדז אַ גאַנצע בריגאַדע פון יידישע שרייבער צווישן וועלכע קוויטקאָ האָט פאַרנומען זייער אַ חשובן אָרט און געוואָלט אונדז, פּוילישע פּליטים, אויפנעמען און איבערדערציען. זיי האָבן דערציילט די גרויסקייט פון סטאַלינען און די מעכטיקייט פון סטאַלינס שטראָפנדי־קער האַנט. קוויטקאָס ערשטע רייד איז געווען: איצט האָבן זיך פאַרענ־דיקט אייערע צרות און איר דאַרפט זיין צופרידן וואָס איר געפינט זיך אין סאָוועטנפאַרבאַנד, און ווען מאַרקיש האָט געזאָגט אַז מיר דאַרפן גיין גלייך אין רעדאַקציע, האָט קוויטקאָ געזאָגט: ניין, מיר דאַרפן זיך פריער

מעלדן אין דער פּאַרטיי, ווייל די פּאַרטיי קען זיך נאָך געפינען באַליי־דיקט, צו וואָס זאָלן מיר באַליידיקן אונדזער פּאַרטיי? מיר האָבן זי דאָך אַלע ליב און זי איז דאָך ביי אונדז אַלעמען ליב און טייער. פאַרשטייט זיך אַז מאַרקיש האָט שוין גאָר נישט געזאָגט און עס איז געבליבן ווי קוויטקאַ האָט געוואָלט״. .

פון די פּאָר שורות קענען מיר דרינגען, ווען עס וואָלט געווען אַ ליבשאַפט פון איין שרייבער צום צווייטן, וואָלטן זיי נאָך איצט אַלע גע־לעבט. אַלע זיינען אַוועק פון דער וועלט ווייל זיי האָבן געוואָלט זיין איי־נער גרעסער פון דעם אַנדערן.

דאָ אין אַמעריקע איז פּונקט די זעלבע זאַך, איינער פון צווייטן איז ווייט און פרעמד, ביטאָ קיין שום אַכטונג פון איין שרייבער צום צווייטן, נאָר איך און איך, און דער דאָזיקער „איך״ האָט פאַרצוקט און אומגע־בראַכט פילע שרייבער וואָס זיינען באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, געשטאָרבן פון האַרץ־אַטאַקעס און אַנדערע קרענק, נאָר דערפאַר וואָס דער שרייבער, ווידערהאָל איך, איז דער עלנדסטער מענטש.

יצחק יאַנאַסאָוויטש האָט מיר אָנגערעגט צו שרייבן און איך דאַנק אים ביז גאָר פאַר זיין פיינעם בוך פון שרייבער וועלכע זיינען מיר ליב און טייער.

1961, ל. א.



# ש. י. עגנון

אַן איבערבליק איבער זיין בוך „אַ פּשוטע מעשה״ איבערזעצט פון העברייאיש — עלדע האמחבר עליעזר רובינשטיין; צייכענונגען—יאָסל בערג־נער; אותיות צום שער־בלאַט — א. רובינשטיין.

איך וועל אָנהייבן מיט די זעלבע ווערטער פון דעם מחבר, אַז עס וואָלט כדאי געווען צו דערציילן ווי אַזוי איך האָב דאָס בוך „אַ פּשוטע מעשה״ געפונען, געבראַכט אַהיים און געוואָרן צום בוך צוגעזאָטן.

דער שרייבער ש. י. עגנון זאָגט, אַז עס וואָלט כדאי געווען צו דער־ציילן ווי איך האָב ס׳בוך „אַ פּשוטע מעשה״ געשריבן, אָבער די הויפּט זאַך איז, אַז „אַ פּשוטע מעשה״ איז גאָרניט אַזוי פּשוט.

דוד בערגעלסאָן אין זיין בוך „אָפּגאַנג״ האָט אַן אויסדרוק, אַז עס איז דאָ אַן אייבערשלאַק און אַן אונטערשלאַק און אַז אין מיטן איז אויך עפּעס פאַראַן.

דעריבער בין איך דאַנקבאַר דעם איבערזעצער, עליעזר רובינשטיין, פאַר זיין פּרעכטיקער אַרבעט צו ברענגען צו דער יידישער ליטעראַטור אַ וווּנדערלעך קונסטווערק, וואָס פאַרכאַפּט דעם לייענער און ברענגט אים צוריק צו יענער צייט און יענע מענטשן וועלכע זיינען שוין מער ניטאָ.

„אַ פּשוטע מעשה״ האָט אַלע קוואַליטעטן פון דעם אַמאָליקן יידישן קליינבירגער, אַ קרעמער וואָס האָט אַ נאָמען אין שטאָט פאַר אַ גבור. די גאַנצע שטאָט קאָן אים. דו דאַרפסט נאָר בלויז אַ פרעג טאָן ווו ער וווינט, און מ׳וויזט דיר גלייך אָן.

אַ שטעטל וואָס דער נאָמען איז שיבוש, אַ קלייניקייט!

דער אָנהויב איז טאַקע פּשוט. מירל די אלמנה האַלט ביים שטאַרבן. געבוג זיך געמאַטערט אין איר יונגען לעבן. איר איינציק קינד, בלומע, בלייבט אַ קיילעכדיקע יתומה.

פאַרן טויט זאָגט איר אָן איר מוטער, אַז זי זאָל פאָרן צו אירן אַ קרוב אין שיבוש, ברוך-מאיר האָרוויץ, און ביי אים דאַרף דאָס קינד בלומע געפינען איר היים.

דער אַנהייב נעמט דעם לייענער און זעצט אים אַנידער געטריי און הייסט אים לייענען און לייענען, זיך באַקענען מיט ברוך־מאירן, זיין פרוי צירל און זייער איינציקער זון הערשל.

ש. י. עגנון שילדערט דעם קרעמער מיט פיל דערקענטעניש. אַט אַזוי לעבן ריכטיק מענטשן וועלכע אַרבעטן פון אין דער פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט און זיי ציילן זייער געלט אין שטילקייט.ביידע שווייגן.

האָט בלומע געדינט ביי אירע קרובים. גאָט אין הימל האָט איר אַריינגעגעבן כח אין אירע צאַרטע הענטעלעך, און זיי טוען אַ סך מלאכות: זי קאָכט, באַקט, וואַשט, צירעוועט און לאַטעט. ניטאָ אַ ווינקעלע אין שטוב אַז מען זאָל ניט דערקענען בלומעס האַנט. נאָר קיין געלט פאַר איר אַרבעט נעמט ניט בלומע. פשוט, ווען די צייט וועט קומען, וועט מען איר געבן נדן. זייער פשוט. דערווייל האָבן די האָרוויצעס אַן אומזיסטע דינסט.

יאָרן זיינען געלאָפן, און ביידע קינדער, הערשל און בלומע, האָבן זיך ליב געהאַט. אויך פשוט. אָבער, צירל, הערשעל׳ס מאַמע, איז געווען אַ זייער פּיפּיקע פרוי. זי האָט צו אַלעמען געשמייכלט. היינט קויפסטו ביי מיר, האָט זי געטראַכט, פאַר אַ גראָשן, און שפּעטער פאַר אַ רובל.

זי האָט געזען ווי די קינדער האָבן זיך ליב. צירלען האָט עס ניט געאַרט. בעסער זאָל הערשל איצט ליב האָבן בלומען, איידער לויפן אין גאַס עפּעס געפינען. יאָ, צופיל ווערט דאָרטן געזאָגט „גאָט אין הימל״ אָבער אַז מען דערמאָנט גאָט, פּילט מען אים אין אַלע אברים.

הערשל איז אַ בן יחיד ביי זיינע טאַטע־מאַמע. זיי ווילן פאַר אים אַ רייך מיידל. בלומעס מאַמע איז געווען אַמאָל פאַר׳כנס׳ט צו ברוך־מאיר, האָט אים צירעלס טאַטע אויסגעכאַפּט פאַר זיין טאָכטער. צירלען איז ער, ברוך־מאיר ליב געווען. איר טאַטע האָט געהאַט די קראָם און ברוך־מאיר איז געווען אַ משרת. איצט איז ער אַ גביר.

אַזוי דרייט זיך די ראָד פון לעבן און בלומע ווערט פאַרשעמט. זי וויל ניט בלייבן ביי די האָרוויצעס ווען זיין כלה וועט קומען און זי זאָל איר דאַראַפן באַדינען.

בלומע ווערט פאַרשוווּנדן, זי געפינט אַ פּלאַץ ביי זייער פיינע מענטשן וואָס זייער נאָמען איז מזל.

און דאָ קומען מיר אַרויף אויף אַ ברייטן וועג, ווו מיר געפינען גע־שטאַלטן פון דעם ווייטן אַמאָל.

גדליה צימלעך. ער איז, ווי ביי מרדכי ספעקטאָר, דער יידישער מוזשיק, אויך ער האָט פעלדער, שאָף און רינדער און אַ קינד מינע און בערטע איז די מאַמע. ביי עגבען זיינען שוין דאָ וועלטלעכע נעמען: מינע, בערטע, סאָפיע, און מינע רופט הערשלען הײנריך. די קייט איז ניט איבערצווייסן.

דער שרייבער ברענגט אַרויס דייטלעך אַז הערשל האָט ניט ליב מינען און מינע ווייסט עס און שווייגט. הערשל האָט ליב בלומען און גייט אונטער. דאָס בילד ווען ער פאַלט צו צום טויער, איז אַן אומפאַרגעסלעך בילד.

מסתם, זאָגט הערשל, איז מיין פאַרלאַנג צו זען בלומען, ניט גענוג שטאַרק.

און אָט עפנט זיך די טיר, און בלומע פרעגט ווער עס איז, און הערשל זאָגט בלומען, עס איז איך. בלומע פאַרקלאַפּט די טיר און הערשל וויינט מיט בלוטיקע טרערן. דער רעגן גיסט און הערשל וויל ניט אַוועקגיין. ער איז געריררט. ביי זיך אין די געדאַנקען רעדט ער זיך דורך מיטן ווייב. מינע פרעגט אים: ווו ביזטו געווען אין אַזאַ רעגן? זאָגט ער — וואָס הייסט ווו בא בלומען.

מינע — ווער איז די בלומע?

— אָ, דו ווייסט ניט בלומע? בלומע איז דאָך מיין געליבטע.

— דיין געליבטע?

— יאָ, מינע, בלומען האָב איך ליב.

און מינע וווּנדערט זיך וואָס זי ווייסט עס ניט.

אַזוי קומט הערשל אַהיים אַ קראַנקער. הערשל האָט געהאַט אַ פעטער, זיין מאַמעס אַ ברודער, איז ער אַרונטער פון זינען. יענער האָט געמאַכט „קוקירעקע ראַ“, און הערשל מאַכט בלויז גאַ, גאַ, גאַ.

די טראַגעדיע הויבט זיך אָן ווען מינע איז שוין אין איר פינפטן חודש.

זי טראָגט און איז ניט געזונט. הערשל טראַכט צום מאָל ניט אַז ער האָט אַ ווייב. יאָ, ער דאַרף נאָך שטיין צום פּריזיװו. מיט געלט וועט ער ווערן באַפרייט, אָבער אַז ער ווערט גערירט פון קאָפּ, פאָרן די עלטערן מיט אים אין דער גרויסער שטאָט, אין אַ סאַניטאַריום. דער דאָקטאָר פּרוּווט געבן גוטע האָפענונגען. די שטאָט שובוש גלויבט ניט אַז עס איז

ריכטיק, מסתם מאַכט מען דעם אָנשטעל, כדי אים צו באַפרייען פון מי־ליטער.

סיי ברוך מאיר, סיי צירל און סיי גדליה און בערטע, ווערן געשיל־דערט ערלעכע, טייערע מענטשן און פּאַרט פילט מען צו זיי ניט אַזאַ ליב־שאַפט ווי צו בלומען און צו אירע טאַטע־מאַמע, וואָס זיינען אַוועק פון דער וועלט פאַר דער צייט.

און ווען הערשל פאָרט צוריק אין שטאָט, טראַכט ער אַז ער האָט אַלדאָס גוטס, אָבער זיין האַרץ איז טרויעריק. נישט קיין גוטע מאכלים, פּרישע לופט, עשירות און מאַיאָנטקעס ברענגען דעם מענטשן פרייד, נאָר ווען דאָס האַרץ האָט פרייד, און אויב ניט, איז קיין פרייד ניטאָ.

דאָ קומט דער שרייבער און ברענגט אַ שדכן.

אין שובוש איז דאָ אַ ייד, טאַובער, אָבער טאַובער שדכנט אויס בלויז גבירישע קינדער. ווען בלומע איז ניט קיין דינסט, וואָלט טאַובער בעסער געזאָגט צירלען, אָט האָב איך פאַר אייער זון אַ ווױלע מײדל.

ניין, בלומע דינט ביי מזל׳ען און ווער וויל זיך דען פאַרנעמען מיט אַ דינסט?

יאָ, עס געפינען זיך אין שובוש צוויי מענטשן, דער דאָקטאָר און דער משרת.ביידע ווילן מיט בלומען שפּאַצירן, אָבער בלומע גייט איר וועג אַליין.

דער שרייבער דערציילט זייער וויניק וויפיל בלומע בענקט נאָך הערשלען. צו איר זאָגט ער, וועט ער זיך נאָך אומקערן. דערווייל דאַרף הערשל ווערן געזונט און מינע דאַרף האָבן איר קינד.

דאָס גאַנצע בוך איז אָנגעפּיקעוועט מיט ווערטפולע אויסדריקע וועלכע פאַרכאַפּן דעם לייענער, ווייל אין שיר השירים איז דאָ אַן אויסדריק, — שטאַרקער ווי דער טויט איז די ליבע.

הערשל ווערט אויסגעהיילט פון זיין קראַנקהייט. ער דערזעט מינען מיטן קינד און עס קומט אַ צווייט קינד. מעגלעך אַז דער שרייבער איז אויסן צו באַווייזן וויפל שטאַרקייט אַ מענטש מוז האָבן, גובר צו זיין די ליבע און וועלן פאַרגעסן די פאַרגאַנגענהייט, ווייל דאָס באַווייזט אַז דאָס צווייטע קינד איז געקומען אַ געזונטס, אַ שטאַרקס און הערשל פילט אין זיך באַנייטע כחות ליב צו האָבן דאָס צווייטע קינד. דאָס ערשטע יינגעלע האַלט מען ביים זיידן אין דאָרף.

דערמיט, כמעט, ענדיקט זיך די מעשה מיט הערשלען. ווי געזאָגט, צו בלומען וועט נאָך דער שרייבער קומען. יעדנפֿאַלס, איז „אַ פּשוטע מעשה״ אַ וווערטפֿולער בוך און עס איז אַ צירונג אין יעדער ייִדישער הויז.

מיין צושטייער איז ווי אַ מתּנה צום מחבר וואָס האָט מיך באַפֿליגלט און אָנגערעגט צו שרייבן מיין איבערבליק, און איך נעם עס אַריין מיט גרויס פֿאַרגעניגן אין מיין זאַמלונג.

איך ווינטש ש. י. עגנון נאָך לאַנגע, שעפֿערישע יאָרן.

מיינע באַמערקונגען איבערן בוך איז אַן אָנרעגונג פֿאַר לייענער דאָס בוך צו לייענען. „אַ פּשוטע מעשה״ איז אַן אמת ווערטפֿולע מתּנה!

עס איז כדאי צו פֿאַרצייכענען אַז שמואל יוסף עגנון איז געוואָרן 70 יאָר און פֿאַר זיין לעבן איז ער אַריין אין ביידע ליטעראַטורן, סיי אין דער העברעאישער און סיי אין דער ייִדישער ווי אַ קלאַסיקער. דאָס איז אַ גרויסע זכיה. אָבער פֿאַר וואָס דער שרייבער האָט געהאַט די זכיה, איז לייכט צו פֿאַרשטיין. ער האָט זיך גופֿא אַריינגעטאָן אין זיינע שריפֿטן.

עגנונס סטיל איז אייגנאַרטיק; זיין וואָרט ברענגט צו אונדז דעם אַראָמאַט פֿון דער פֿאַרצייטיקער ייִדישקייט און גלייכצייטיק די שיינקייט פֿון דעם ייִדישן מענטשן ווי ער האָט אים געזען אין די קליינע שטעטלעך אין דעם אַלטן אַמאָל.

מיט 50 יאָר צוריק האָט שמואל יוסף עגנון אויסגעוואַנדערט קיין ארץ ישׂראל און האָט זיך דאָרטן פֿאַרפֿלאַנצט, איבערגעלעבט אַלע גרוילן און האָט אויף אייביק פֿאַרבונדן זיין שעפֿעריש לעבן מיטן גורל פֿון לאַנד און פֿאָלק און מיטן אויפֿקום פֿון דער מדינה, איז ער געוואָרן דער קלאַ־סיקער. זיין געבוירנטאָג איז געווען אַ יום־טוב סיי אין ישׂראל סיי אין אַנדערע לענדער.

צום בוך „אַ פּשוטע מעשה״ אין זיין אַריינפֿיר, זאָגט אהרן צייטלין אַז שמואל יוסף עגנון איז פֿון יענע שרייבער וואָס איבערראַשן אייך מיט יעדן זאַץ פֿון זיין שרייבן. אָט דוכט זיך אייך אַז איר האָט אים דערקענט: אָט איז ער דער קינסטלער, און באַלד באַווייזט ער זיך אין אַ פֿיל גרעסערער ליכט. ער איז דער גרויסער פֿאָעט פֿון דער דערהויבענער טראַדיציע פֿון ראָמאַנטיזם. דאָ רעכנט ער אויס אַ ריי ווערק וועלכע איך האָב ניט געלייענט ווייל „אַ פּשוטע מעשה״ איז דאָס דער ערשטער איבערזעצטער בוך, אַ מין אוצר אין דער ייִדישער ליטעראַטור, דאָס זאָג איך. אהרן צייטלינס

אַריינפּיר, איז אַ באַזונדערע לעקציע ווען מיר לייענען זיין אַריינפּיר, אָבער מיין אויסטייטשונג איז באַזונדער דערפאַר, ווייל דאָס בוך „אַ פּשוטע מעשה" איז, אַ חוץ אַ ראָמאַן, אַ סאָציאַל ווערק פון יענע יאָרן וועלכע זיי־נען פון אונדז שוין לאַנג פאַרשוואונדן. נישטאָ עפּעס בעסער ווי זיצן ביי־נאַכט אין געוועלב מיטן ווייב און ציילן געלט. וואָלט עס געשריבן אַ קריסט, זיינען מיר זיכער אַז ער זעט דעם יידן ציילן געלט. אָבער עגנון זאָגט עס פּשוט, שטיל — שטיל איז אין געוועלב און ציילסט דיין געלט און דיין ווייב צירל זיצט לעבן דיר. מעגלעך אַז אין דרויסן באַרעדט מען זיי, אָבער זיי דאָ איז וואַרעם און גוט.

יונה טאובער און די האַרבאָטע ציפּה, ד"ר קנאבענהוט, דער ביר־גערמייסטער מאנטאג, סאָפי גילדענהארן, דער ד"ר לאנגזאם צימלעך איז אַ רייכער ייד און זיין טאָכטער מינע איז אַ געבילדעטע מיידל — וואָס זאָג־סטו וועגן איר, הערשל?

לייבוש שטאַרקעוויטש האַלט שטאַרק פון רעדן, און איז אַ גרויסער קאָרטן־שפּילער מיט אַ שיינער באָרד און איז אויסגעקאָכט מיט אַלעמען. גימפּל קורץ — אַ רעליגיעזער מענטש. שיינבאָרד מיט איין פוס — אַן אויסגעפּאַרעוועטער, האָט ליב צו טרייבן שפּאַס.

אַזוינע פאַרשוינען פירט אַרויס עגנון אַ סך. די דאָזיקע מענטשן מאַכן פריילעכער אונדזערע טעג. דאָס זאָג איך.

---

## ז. טיגעל

עס זיינען דאָ מענטשן וואָס פּילפּלען זיך וועגן גאָט, ווו איז ער, און אַזוי ווייטער. די דאָזיקע מענטשן זיינען פּשוט זייער נאַריש. גאָט איז פאַ־ראַן אין יעדן גרעזעלע, אין יעדן בלימעלע און פליגעלע, אין הימל, אין ערד, אין וואַסער, בפרט אין דעם מענטשן וואָס ווייל פאַרכאַפּן אַלץ וואָס גאָט האָט צו אים געגעבן זיין חלק לעבן און זיין חלק ערד.

דעריבער, ווען איך פאַרצייכן די שענסטע שאַפונג פון גאָט, מיין איך דעם מענטשן וועלכער קען ווירקלעך זיין די שענסטע שאַפונג אויף אונדזער זינדיקער וועלט, וואָס מיר אַלע פאַרשטייען אַז די וועלט לעבט אייביק אַפילו נאָך די גרעסטע שטורעמס וואָס ווערן אומגעריכט פאַרוואַנדלט אין

אַ טײַוול און ברענגען אום דאָס סאַמע שענסטע פֿון זײַן באַשאַף. די דאָזיקע אומגערעכטיקייט איז אויך אַ געטלעכע, געשיקט פֿון אים אַליין.

ווען איך צייכן דעם קינסטלער וואָס איז אַזוי וווּנדערלעך, ניט נאָר געווען; זיי, די קינסטלער לעבן אייביק און פֿאַרשאַפֿן פֿרייד דער אייביקייט.

ז. טיגעל איז געווען אַ באַרימטע פּערזענלעכקייט פֿונם פּוילישן יידנטום, אַ גרויסער, געלערנטער מענטש. עס איז שוין פֿופֿצן יאָר זינט ער איז אַוועק אין דער אייביקייט. זײַן לעבן האָט ער געווידמעט דעם פּוילישן פֿאַרבאַנד אָדער פֿעדעראַציע, אין דער צייט ווען דער ווילדער, משוגענער היטלער האָט געבושעוועט און געוואָלט אומברענגען אונדזער יידיש פֿאָלק.

ז. טיגעל איז געקומען קיין אַמעריקע אין 1920 אָדער 1922; געאַרבעט אין פֿאַרשיידענע צײַטשריפֿטן; אַרויסגעגעבן אַ גרויס ווערק אונטערן נאָמען „צוועלף פּערזענלעכקייטן פֿונם פּוילישן יידישן לעבן" — צוועלף שרײַבער, קינסטלער, וועלכע ווערן לעבעדיק אונטער זײַן פּען. וווּנדערלעך שילדערט ער י. ל. פּרץ און פּילע, פּילע קינסטלער וועלכע היטלער האָט אַזוי גרויזאַם אין 1942 אומגעבראַכט.

אין 1946 גיט ז. טיגעל אַרויס אַ ווערק אונטער דעם נאָמען „בריוו פֿון מײַן טאַטן". די דאָזיקע בריוו זײַנען אַ שילדערונג ווי זײַן גאָטזעליקער פֿאָטער קוילערט זיך אונטער דער ערד און וויל ברענגען זײַן געביין קיין ארץ ישראל.

דאָס בוך איז געווען דאָס ערשטע פֿון דעם מין חורבן ליטעראַטור, אָבער ז. טיגעל איז געווען דער ערשטער צו פֿאַראייביקן דעם אומגעבראַכטן און אומשולדיקן קרבן פֿון דעם ווילדן, משוגענעם היטלער.

די דאָזיקע צוויי ביכער פֿון ז. טיגעל זײַנען ווי אַ סימבאָל, ווײַל ער אַליין האָט עס דאָ אין אַמעריקע ניט געקאָנט איבערטראָגן, און אין יאָר 1947, דעם 13טן מערץ, גייט ער אַוועק שטיל פֿון דער וועלט, פֿון דער וועלט וואָס ער האָט זייער ליב געהאַט.

אין דער פּוילישער פֿעדעראַציע האָט ער געאַרבעט כמעט ביז זײַנע לעצטע מינוטן. לאָמיר ערן זײַן הייליקן אָנדענק — זעליג טיגעל — זײַן נאָמען טראָג איך הייליק אין מײַן האַרצן.

# נפתלי קראַוויץ

גערענקט!—„יידישע אותיות זיינען געהייליקט אין בלוט פון קדושים״. די דאָזיקע ווערטער געפינען זיך אין „אונדזער וועג״, רעדאַקטאָר: נפתלי קראַוויץ. דער „וועג״ גייט אַרויס אין שיקאַגע.

נפתלי קראַוויץ איז אַ תלמיד־חכם, אַ רב׳ס אַ זון, האָט אָנגעשריבן עטלעכע ביכער אין יידיש און אין ענגליש, און איצט גיט ער אַרויס און רעדאַגירט אין שיקאַגע „אונדזער וועג״.

נ. קראַוויץ האָט אַרויסגעגעבן אַן אַנטאָלאָגיע פון „פרקי אבות״, אין וועלכער ער האָט צונויפגעקליבן די שענסטע פּערל פון דער אַלטער יידי־שער ליטעראַטור. די אַנטאָלאָגיע איז אין דריי שפּראַכן: העברייאיש, יידיש און ענגליש.

זייער יונג איז נפתלי קראַוויץ געקומען קיין אַמעריקע מיט זיין פרוי חנה וועלכע איז אן אשת חייל.

זיי האָבן איין זון, משה, מסתם אַ נאָמען נאָכן זיידן דעם רב, ער איז אַן אַדוואָקאַט, און וווינט מיט זיין יונגער פרוי, וועלכע שטאַמט פון אַ פיי־נער יידישער פאַמיליע, אין שיקאַגע.

עס איז זייער שווער אַרויסצוקריגן איינצעלהייטן פונם רעדאַקטאָר פון „אונדזער וועג״, ער איז באַשיידן, וויל ניט רעדן וועגן זיך.

זעכצן יאָר פון זיין לעבן האָט ער אָפּגעגעבן אין פילאַדעלפיע אַלס רעדאַקטאָר פון דער „פילאַדעלפיער יידישער וועלט״. נאָכדעם ווערט נ. קראַוויץ איינגעלאַדן קיין שיקאַגע צו זיין דער בייעס־רעדאַקטאָר פון „יידישן קוריער״. דאָרטן, מיט 19 יאָר צוריק, האָב איך זיך באַקענט מיט אים.

איך, מיט יאָרן עלטער, הייב אָן שרייבן, און נ. קראַוויץ דערמוטיקט מיך. יעדער שרייבער נויטיקט זיך אין דערמוטיגונג. אַזוי האָט ז. טיגעל ע״ה, געזאָגט: מינדסטנס דריי שרייבער דאַרפן באַשטענדיק יעדן אָנהויבער.

אָט איז אַ בריוו וואָס נ. קראַוויץ שרייבט צו מיר מיט יאָרן שפּעטער. דאָ רעדט אַ מענטש וואָס איז ניט גאַנץ מיט זיך און לערנט זיין חבר

צו זיין באַשיידן, ווייל עס זיינען תמיד דאָ גרעסערע פון דיר.

ב. קראַוויץ האָט אין משך פון יאָרן זיך דערוואָרבן אַ בכבודיק אָרט אין שיקאַגאָ. נאָך דעם ווי דער „אידישער קוריער״ גייט אונטער, פאַרלירט ער ניט זיין מוט און אין אַ קורצער צייט שפּעטער הויבט אָן דערשיינען „אונדזער וועג״.

ב. קראַוויץ נעמט ניט פון קיין שרייבער קיין פּרוטה. פאַרקערט, ער צאָלט האָנאָראַר צו יעדן וואָס איז עס די ווערט.

זיין צוגאַנג צו „אונדזער וועג״ איז אַן ערלעכער, אָן זעלבסטנוצן. ער וויל ברענגען דאָס ערלעכע וואָרט צום לייענער. אויף די שפּאַלטן פון „אונדזער וועג״ דרוקן זיך די פיינסטע שרייבער וועלכע באַרייכערן אונזער לעבן.

מיט עטלעכע יאָר צוריק איז ב. קראַוויץ געפאָרן קיין ישראל. מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויף זיינע באַגייסטערטע באַשרייבונגען. אַרטיקלען וועלכע ער האָט געשריבן פון דאָרטן, איז ניט אַזוי לייכט צו פאַרגעסן. זיין באַשרייבן די יידישע מדינה האָט אַלעמען הינגעריסן. איך וואָלט געקאָנט אַרויסברענגען אַ סך שטריכן פון ב. קראַוויץ דעם רע־דאַקטאָר און מענטש און ביז־גאָר־פיינעם שרייבער, אָבער איך וועל עס לאָזן פאַרן ביאָגראַפער. מיינע עטלעכע ווערטער זיינען בלויז אַ דאַנק־אויסדרוק צו אים פאַר זיין האַרציקער באַציאונג אפילו אין צייטן ווען איך האָב עס ניט פאַרדינט.

זאָל ער זיין געבענטשט!

דעם 29טן יוני, 1959.

---

דאָראַ שולנער
1436 גלענדעיל בולוואַרד
לאָס אַנגעלעס 26, קאַליפאָרניע
חשובע פריינדין דאָראַ !

אייער בריוו געקראָגן. אַ גוט בריוול. כולו שטימונג, און ווייך ווי סאַמעט.

מיין „וועג״ שטעלט צופרידן איינ יקע. אַנדערע לויבן דעם אָדער אַן אַנדער אַרטיקל, נאָר איך בין אומצופרידן, אויך ניט גאַנץ מיט זיך. וואָלט

איך נאָך האָבן די מעגלעכקייטן, מעגט איר זיין זיכער אַז דער „וועג" וואָלט אויסגעקוקט אַנדערש. אָבער מ׳מוז זיך באַנוגענען. האָב ערשט געזאָגט מיינעם אַ פריינט: „אַ שרייבער טאָר קיין טענות ניט האָבן צו קיינעם. קיינער איז אים ניט שולדיק וואָס ער האָט אויסגעקליבן, אָדער געצוווּנגען געוואָרן פון נאַטור, אויסצוקלייבן, די פעדער. איינער קלייבט זיך אויס אַ רעסטאָראַן, אַן אַנדערער — אַן אויטאָבוס, אַ דריטער — אַ פאַבריק פון קראַוואַטן. אַלע די זיינען גוטע באַגלייטער.די פעדער אָבער איז אַן אָרעמער אינסטרומענט, דאָך רייך אין אינהאַלט. ווי אין יעדער זאַך איז פאַראַן אַ קאָמפּענסאַציע ערגעץ־ווו, אַ פאַרגיטיקונג ברוח. טאָ טענות צו וועמען?

וואָס איז נוגע אייער בוך, ווינטש איך אייך דערפאָלג. מן הסתם וועט אייער ענערגיע אייך באַשטיין אים צו פאַרשפּרייטן ווי געהעריק. האָט נשיאת־חן בעיני אלוקים ואדם. איר האָט דאָך געבויט, געטראָגן ציגל, אויסגעגלייכט די ווענט, באַשיינט די פּריזבע און דאָס גאַניקל. אייער מלאכה האָט איר געטאָן, כנוח עליך הרוח. איר האָט זיך אויך אויסגעקליבן אַ שווערן גורל—דעם גורל פון יידישן בוך און דעם מזל־שלים־מזל פון דער פעדער. מן הסתם האָט איר זי ליב. ערגעץ ווו איז פאַראַן אַ קייטעלע וואָס שליסט צענויף אייער נשמה מיט דער פעדער. אָרעמער שרייבער!... דאָס איז דער סוף פון אַלע דיינע ברידער־אין־גייסט וואָס האָבן אַלע מאָל אַריינגעלייגט זייערע געפילן צווישן די טאָוולען, מיינענדיק, אַז אויפן פּאַפּיר איז פאַראַן אַלעס . . .

לאָזט זיך ניט באַווירקן פון גוטע ווערטער. ניט אַלע מאָל רעדן מענטשן וואָס זיי פילן און טראַכטן. אין תוכם כברם — זייער פנימיות פאַרהוילן זיי. זייט בעסער באַשיידן ביי זיך. טראַכט וועגן די גרויסע וועמעס שאַפונגען זיינען אוניווערסאַל. קוקט אַ ר ו י ף און זעט ווי קליין אונדזערע אויפטואונגען זיינען.

אַ גרוס פון אַלעמען.

אייער, נפתלי קראַוויץ

# י. באשעוועס
# יצחק ווארשאווסקי
# ד. סעגאל

איך רוף אים די דריי אייניקייטן, אַ קאַליבערפולער שרייבער, וואָס קען זיך האַלטן ביי דריי נעמען וואָס מיר ווייסן היינט. אונטער וויפיל נע־מען איז ער וואָס די לייענער ווייסן ניט?

יעדנפאַלס, איז ער אין דער ליטעראַטור געבליבן איינער אויף ני־גערס אָרט.

צווישן זיי ביידע איז דאָ אַ גרויסער אונטערשייד: ד.ה. ש. ניגער איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור אַ קריטיקער און איז געבליבן אַ קריטיקער. זיינע גרויסע ווערק באַווייזן אונדז אַז ש. ניגער האָט זיך מיט די קליינע שרייבער, ווי באַשעוועס רופט זיי, ניט געוואָלט פאַרנעמען. צו וואָס זיי רופן שרייבערלעך, טאַלאַנטלאָזיקייט און אַנדערע ליטעראַרישע נעמען ?

דער קריטיקער ש. ניגער האָט געשריבן באַלד אין אַנהויב פון קינ־סטלער שרייבער: היפשע ביכער זיינען פון ניגערן אַרויסגעגעבן און פאַר־שפרייט געוואָרן מיט ווירדע איבער דער גאַנצער וועלט, ווו נאָר עס איז פאַראַן אַ יידישער לייענער.

ווי אַזוי האָט ש. ניגער געשריבן, און ווי שרייבט י. וואַרשאַווסקי?

פון דער שורה מוז מען גיין צוריק צו אונדזער וועלט וועלכע איז שוין כמעט ווי פאַרשוווּנדן. ווער זיינען געווען אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, אונדזערע קריטיקער?

דער ענטפער איז, דר. בעל מחשבות, נ. מייזיל. דאָס זיינען געווען, ווי מען זאָגט, קריטיקער וועלכע האָבן דעם שרייבער געקענט.

נ. מייזיל האָט אַרויסגעבראַכט מיט זיינע קריטיקן דוד בערגעלסאָנען און פילע אַנדערע וועלכע זיינען אים געווען ליב. בעל מחשבות — די זעל־בע זאַך. אָבער ניט ש. ניגער.

ש. ניגער איז געקומען אין דער יידישער ליטעראַטור ווי אַ גרויסער

געלערנטער פּראָפעסאָר און אָנגעשריבן דאָס „מענדעלע" בוך און פיל אַנ־דערע ביכער וואָס האָבן דעם יידישן לייענער פאַרכאַפּט מיט זיין געזונטן חוש און סטיל; דער יידישער לייענער האָט ניגערן פאַרגעטערט, דערפאַר ווייל ער האָט אונדז געלערנט ווי צו לייענען און פאַרשטיין דעם יידישן קינסטלער. אין יענע יאָרן האָבן מיר ניט געזען קיין שום שרייבער וואָס וואַקסן ווי שוואָמען נאָך אַ רעגן, מחמת יענע יאָרן זיינען געווען פּרוכט־באַרע.

פאַראַן שרייבער פון 1900 ביז 1917, דאָס מיינט ביז דער רעוואָ־לוציע, האָבן שרייבער געשריבן און יידן האָבן געלייענט; יידישע צייטונ־גען זיינען דערשינען טאָג־טעגלעכע, וועכנטלעכע; דער שרייבער האָט פאַר זיין אַרבעט געקראָגן האָנאָראַר, אַלץ ביז 1917.

אין 1915 שטאַרבט פלוצלונג י. ל. פּרץ, אין 1916 — שלום עליכם; אין 1917 — מענדעלע. די דאָזיקע דריי קלאַסיקער האָבן אויפגעטרייסלט אונדזער יידיש לעבן, ניט קוקנדיק וואָס מענדעלע איז שוין געווען איבער 80 יאָר, אָבער י. ל. פּרץ און שלום עליכם, נאָך יונגע מענטשן.

עס איז פאַרשטענדלעך אַז אונטער די אומשטענדן פון רעוואָלוציע האָט מען אין רוסלאַנד ניט געהאַט קיין צייט צו שרייבן פריי, נאָר דע־מאָלט, נאָך דער רעוואָלוציע, האָט מען שוין געוווסט ווער עס איז אַ נאַ־ציאָנאַלער שרייבער און ווער פון דער יעווסעקציע. יונגע שרייבער פּאָעטן האָבן געשריבן און האָבן פאַרנומען אַן אָרט אין מאָסקווע. איך בין דאָרט געווען אין יענער צייט און געזען געזונטע טאַלאַנטן וואָס זיינען דערנאָך מערדערלעך אומגעבראַכט געוואָרן, און מיר וועלן קיינמאָל ניט וויסן זיי־ער צער פון ווערן פאַרטיליקט אָן אַ פאַרוואָס, חוץ וואָס זיי האָבן געשריבן יידיש און זיינען געווען יידן, אָבער די נאַציאָנאַליסטישע שרייבער זיינען אַוועק פון די סאָוועטן אין די ערשטע יאָרן. אַ טייל האָבן זיך אַריבערגע־כאַפּט קיין וואַרשע, און אידעאַליסטן האָבן זיך אַריבערגעכאַפּט, גע'גנב'עט די גרענעץ קיין רוסלאַנד. פון יענע איז געווען פּרץ מאַרקיש. קיינער האָט זיך דעמאָלט ניט פאָרגעשטעלט היטלערן און ניט סטאַלינען. שרייבער זיינען ניט קיין גרויסע פּאָליטיקער, זיי ווילן שרייבן.

דאַמאָלט קומט ש. ניגער קיין אַמעריקע און הייבט אָן שרייבן קרי־טיק וואָס דערהויבט דעם לייענער און ער זאָגט: „זעסטו, אָט אַזוי האָב איך אויך געטראַכט פון י. ל. פּרץ אָדער פון שלום עליכמען און פון מענ־

דעלען. ש. ניגער האָט קיין שום שרייבער ניט אַרויסגעבראַכט; ער האָט בלויז דעם לייענער באַשטעטיקט, אַז אָט אַזוי האָב איך אויך געטראַכט. ניגער, ווי מיר קענען זיך אויסדריקן, האָט זיך מיט קליינוואַרג ניט פאַר־נומען.

איצט האָבן מיר י. וואַרשאַווסקי, וואָס רייסט אַרונטער די שרייבער וועלכע, נאָך זיין מיינונג, האָבן ניט קיין טאַלאַנט און ער וויל האָבן יידנ־ריין, און יידן, גאָט צו דאַנקען, טוען אַלץ אין דער וועלט און לעבן, גע־דייען און שרייבן. דאָס פאַרדריסט דעם קריטיקער י. וואַרשאַווסקי, און ער וויל זיי אָפּראַמען פון וועג. זיין סיסטעם איז ניט איגנאָרירן, נאָר באַליי־דיקן. ער ווייזט אָן אָפּטמאָל וואָס מיינט אַ גרויסער שרייבער. זיכער זיינען זיי דאָ אָדער געווען. דער איצטיקער דור שרייבער זיינען מלחמה קרבנות, זיי דערציילן פון אַ דור וואָס מען האָט אומגעבראַכט. דער רוסישער שריי־בער גאָגאָל האָט געזאָגט, אַז ווען יעדער מענטש זאָל קאָנען אויפשרייבן זיין לעבן, וואָלטן מיר געהאַט זייער אַ אינטערעסאַנטע ליטעראַטור.

זיינען אַריבער מער ווי הונדערט יאָר און דער דאָזיקער מענטש איז דערשינען און ער שרייבט. ער דערציילט, און מיר דוכט אַז דעם דאָזיקן מענטשן האָט געמיינט גאָגאָל, און י. באַשעוועס רייסט פון אים שטיקער.

מיר איז אויסגעקומען צו זיין אין אַ הויז פון אַ פיינעם שרייבער, וואָס וועגן אים האָבן פיינע קריטיקער געשריבן, אָבער ניט וואַרשאַווסקי. ווייזט מיר דער שרייבער זיין לעצטן בוך און לייענט פאַר מיר פאָר אַ פּאָר קריטיקן וואָס דר. מוקדני זאָגט וועגן זיין בוך און דער „לעבעדיקער" און אויך גלאַטשטיין.

דעם שרייבערס פּנים זעט אויס געל ווי וואַקס, אַ ביטערער שמייכל שוועבט אויף זיין פּנים, אַזוי ווי ער וואַרט אויף עפּעס, און ריכטיק, דער עפּעס איז דאָ. זיין ווייב וואָס אַרבעט כדי דעם מאַן לאָזן שרייבן, גיט זיך אַ קרים, גיט זיך אַ דריי אויס צום מאַן און צו מיר און זאָגט סאַרקאַסטיש: „אָבער י. וואַרשאַווסקי וויל ניט שרייבן פון דיר, איז מיט וואָס איז זיך דאָ צו באַרימען? זעסטו, ווען באַשעוועס שרייבט פון דיר, מעגלעך אַז מיין אַרבעט וואָס איך טו פאַר דיר וואָלט געווען ווערט, אָבער פון דיר וויל ער ניט שרייבן".

דאָ פאַרשטיי איך שוין אַביסל דעם שרייבערס לאַגע.

ער ווערט נאָך געלער ווי ער איז געווען און ענטפערט איר: „וואָס

וויסטו פון וואַרשאַווסקין? יענער איז אַ רשע מרשע. דער איינציקער גוּ־טער שרייבער, דענקט ער, איז ער אַליין, ווייל אַ חוץ קריטיקירן איז ער אַ שרייבער—נאָר מסתם שרייב איך בעסער פון אים, דערפאַר פאַרשווייגט ער מיך".

מיר איז נאָך איצט אַ רחמנות אויפן שרייבער מיט דער זוייב וואָס טרייבט אים אין דער ערד.

איך לייען י. וואַרשאַווסקי, י. באַשעוועס און ד. סיגאַל. קיין שום פראַגע איז נישטאָ אַז י. וואַרשאַווסקי איז אויף יעדן געביט גרויס, אָבער, ביי י. ל. פּרץ איז דאָ אַ דערציילונג „מסירת נפש". דאָרטן שילדערט ער אַ בחור חנניא וואָס איז געווען פון די פאַלשע תלמידים חכמים, געקענט האָט ער טאַקע זייער גוט תלמוד, נאָר וואָס דען, ער האָט עס גענוצט אויף אַ פאַלשן וועג.

איך קען ניט ציטירן די גאַנצע דערציילונג, אָבער זיין רבי האָט אים פאַרשאָלטן, ווייל איידער אַלעס מבטל מאַכן, איז בעסער פאַרגעס אַלץ וואָס דו ווייסט און קענסט.

דאָס קען אָפּט געזאָגט ווערן וועגן גרויסן שרייבער י. באַשעוועס.

אַמאָל מאַכט זיך אַז מען זאָגט אַ גוט וואָרט אויף אַ שרייבער. באַלד איז ער, פּונקט ווי אין דער דערציילונג, דער בחור שפּרינגט שוין אויפן בעלעמער און מאַכט פון דעם שרייבער פּיפּקאָ. אַלע אַנדערע שרייבער שווייגן, זיי האָבן מורא פאַר אים. ביי אונדז אין דער יידישער וועלט האָט מען רק מורא טאָמער גייט טאַקע דער קייסער אַנגעטאָן און ניט נאַקעט.

דעריבער לאָזט מען געוועלטיקן אין אונדזער דור אַ שרייבער וואָס האַלט די פּען פאַר זיין ביקס און שיסט מיט איר וועמען אים גלוסט זיך. צו שיסן זאָל אים ווויל באַקומען.

איך שרייב די אָפּהאַנדלונג, ווייל איך אַליין האָב ליב דעם שרייבער י. באַשעוועס, זיין סטיל, זיין פאַרשטאַנד און זיין גרויסן טאַלאַנט. זאָל זיין פּען אַרבעטן ערלעך און ניט באַליידיקן שרייבער מיטן אויסדרוק „שריי־בערל", טאַלאַנטלאָזיקייט א.א.וו.

עס זיינען דאָ ליכט זייער גרויסע, ליכט מיטעלמעסיקע און ליכט גאָר קליינינקע. אַז אַלע ליכט ברענען אויף איין טיש, איז פיל ליכטיקער ווי איין גרויסע ליכט. זיי ווייזן פאַר אַלעמען סיי ווי סיי ווי גרויס און ליכ־טיק עס איז אין לייכטער דאָס גרויסע ליכט. מ'דאַרף האָבן באַציונג און

ליבע צום יידישן שרייבער וואָס ווידמעט זיך צום יידישן וואָרט. די „דריי איניקייט", באַשעוויס, וואַרשאַווסקי און סעגאַל וועט זיך אַמאָל מוזן וועגן דעם פאַרטראַכטן, עס זאָל נאָר ניט זיין צו שפּעט. זאָל זיין נאָמען ביים יידישן שרייבער ווערן באַליבט און ניט פאַרהאַסט.

שלום אַש האָט געזאָגט אַז אַלע שרייבער זיינען מיינע ברידער און איך האָב זיי ליב. אויך אברהם רייזען האָט עס געזאָגט. זאָל דער לייענער מיין ברודער משפּטן און ניט איך. די יידישע קריטיק מוז אַרויסברייגגען דאָס סאַמע שענסטע וואָס דער שרייבער וויל ברייגגען צו זיינע לייענער, און אויב עס געפינט זיך מיט אונדז אַזאַ קינסטלער ווי י. באַשעוויס. יצחק וואַרשאַווסקי, דאַרף ער זיין דער ברודער פון אונדזער שיינער יידישער ליטעראַטור.

# ש. אנסקי — צו זיין הודערטסטן געבוירנטאָג

אין מיין איצטיק בוך „פּערזענלעכקייטן אין יידישן לעבן", וויל איך פאַראייביקן דעם אומשטערבלעך גרויסן קינסטלער, ש. אַנסקי, דעם דראַמאַטורג און פּאָעט, שרייבער פון אַלע פּלעקער פון אַרבעטער קלאַס.

ווער האָט ניט געזען דעם „דיבוק" אָדער געזונגען דאָס ליד צום בונד „אין געזאַלצענעם ים פון מענטשלעכע טרערן"? ווי אויך די יידישע מאַרסעלעזע — „די שבועה"? אין יעדער שטאָט אָדער שטעטל האָבן זיך די מיטינגען פאַרענדיקט מיט אַנסקי׳ס לידער צום אַרבעטער קלאַס. און ש. אַנסקי? — ער איז געווען דער יידישער וולאַדימיר קאָראָלענקאָ. זיין „מאַטאַ" איז געווען גיין אין פאָלק.

כדי איך זאָל ניט פאַרווערטערן דעם נאָמען ש. אַנסקי, וועל איך צוגיין צום הויפּט געדאַנק, — איך זאָל אַריינגעמען די גרויסע יידישע פּערזענלעכקייט אין מיין בוך.

מיר איז אויסגעקומען צו לייענען פּאָרטרעטן פון בער י. ראָזען. בער י. ראָזען דערציילט אונדז אַז אין יאָר 1919 איז ער אָנגעקומען צו אַנסקין אַלס סעקרעטאַר. באַגעגנט האָבן זיי זיך דעמאָלט אין אָטוואָצק, אַ

קור־אָרט אַרום וואַרשע. ראָזען שילדערט אַנסקין ווי אַ שווער קראַנקען. ער האָט געליטן פון אַ סך צוקער אין זיין בלוט. ממילא זיינען שוין אַלע אברים געווען זייער קראַנק. אָבער ראָזען גיט איבער זייער לעבעדיק דאָס געשטאַלט, סיי פון דעם גרויסן דראַמאַטורג און גוזעלשאַפטלעכן פירער ווי אויך געטרייער פריינט פון דעם אייניציקן מענטשן וואָס זוכט אַ גוט וואָרט.

דער פּאָרטרעט פון ש. אַנסקין, אין ראָזענס בוך, איז פיין געשיל־דערט, אָבער לייענענדיק די באַשרייבונג איבער אַנסקין פון איסר גאָלד־בערג, האָט עס מיך אינגאַנצן פאַרכאַפּט. ערשטנס האָב איך זיך דער־וווּסט אַז איסר גאָלדבערג איז אַ קינסטלער. די דאָזיקע באַשרייבונג האָט זיך געדרוקט אין „קאַנאַדער אדלער" מאָנטיק דעם 17טן יולי, 1961, אונטערן קעפּל „ש. אַנסקי צו זיין 40סטן יאָרצייט". איך לייען און קען זיך ניט אָפּרייסן, עס איז פאַרכאַפּענד אין יעדן הינזיכט, און דאָ איז מיין בוך שוין אין דרוק, אָבער עס איז נאָך ניט צו שפּעט צוצוטראָגן מיין צו־שטייער צו ש. אַנסקיס הונדערט יאָריקן געבוירנטאָג. דעריבער באַנוץ איך זיך מיט איסר גאָלדבערגס אַרטיקל און דאַנק אים פון טיפן האַרצן פאַר באַשיינען מיין בוך. איך אַליין האָב געזאַמלט מאַטעריאַל וועגן אַנסקין. ווען איך האָב געוווינט אין וואַרשע איז שוין אַנסקי געווען טויט אַרום פיר יאָר. איך פלעג באַזוכן דעם געענשער בית עולם, אָבער דער מאָנומענט איז נאָך ניט געשטאַנען. עס איז געווען אַרומגעצאַמט מיט אַ שיינעם רינג. איך האָב געזען די דריי באַרימטע שרייבער, וועלכע יעדער, אויף זיין געביט, האָט זיך אויסגעצייכנט, — י. דינעזאָן מיט זיין „שוואַרצן יונגערמאַנטשיק"; י. ל. פּרץ מיט זיין „גאָלדענער קייט" און ש. אַנסקי מיטן „דיבוק".

מיינע שפּאַצירן אויפן בית עולם האָב איך געמאַכט אין די פרי־מאָרגן שעהן. קיין גרויסער עולם אין די וואָכעדיקע טעג זיינען ניט געקומען, אַ חוץ געסט. איך איינע האָב זיך נעבן די דריי גרויסע שרייבער געפילט באָענט, ווייל דאָס איז געווען מיינער אַ חלום זיי צו זען לעבעדיקע. איך האָב פון זיי געחלומט אין מיין היים־שטאָט און זיי געלייענט מיט ליבע און געטריישאַפט. איך לייען זיי ביז היינטיקן טאָג און דאָ שטיי איך נעבן זיי; איך פיל זיי אין אַלע מיינע גלידער און רייס אָפּ פון יעדן קבר אַ בלימעלע און ברענג עס אין מיין שטוב און באַהאַלט זיי אין ביכער ווי

אַ צייכן אַז איך בין טאַקע געווען ביי מיינע באַליבטע שרייבער, און איצט האָב איך דעם אומפאַרגעסלעכן קינסטלער אין מייך פינפטן בוך. דאָס וואָלט מיר ש. אַנסקי געזאָגט, איז מיסטיציזם, דאָס איז גאָט, ווייל גאָט האָט באַשאַפן דעם מענטשן אין זיין געשטאַלט.

דערמיט פאַרענדיק איך די הקדמה און מירן אַריבערגיין צו דער גאַנצער באַשרייבונג וואָס וועט געבן דעם לייענער אַ באַגריף פון ש. אַנסקי, דער מענטש און קינסטלער, דראַמאַטורג און פּאָעט.

דאָראַ שולנער, לאָס אַנגעלעס, 1962

***

פון צייט צו צייט, אין צוזאַמענהאַנג מיט אַ באַנייטער טעלעוויזיע, אָדער טעאַטער אויפפירונג פון „דער דיבוק", ווערט דערמאָנט דער פאַר־שטאָרבענער פאָלקס - מענטש, רעוואָלוציאָנער, שרייבער, געזעלשאַפט־לעכער און פּאָליטישער עסקן און פאָלקלאָריסט — ש. אַנסקי (שלמה זאַנוויל בר' אהרן הכהן ראַפּאָפּאָרט, אַזוי האָט ער אונטערגעשריבן זיין צוואה).

אָפט ווערט געזונגען אין די קרייזן פון „בונד" אַנסקיס „אין גע-זאַלצענעם ים פון מענטשלעכע טרערן", אויך די יידישע מאַרסעליעזע, „די שבועה".

אַנסקיס 15־בענדיגע שריפטלעכע ירושה, קריגט מען שוין היינט ניט צו קויפן, און מ'דאַרף זיי זוכן בלויז אין ביבליאָטעקן. דאָ ניט לאַנג, האָט אַ טעלעוויזיע רעזשיסאָר געזוכט און ניט געקראָגן צו קויפן אַן עק־זעמפּלאַר פון „דער דיבוק".

וועגן ש. אַנסקי האָט מען פיל געשריבן, און באַזונדערס, ווי עס פירט זיך אין די ערשטע וואָכן און חדשים נאָך זיין טויט. אין צוזאַמענהאַנג מיטן 100-יאָריקן געבוירנטאָג פון ש. אַנסקי, וואָס פאַלט אויס אין 1963, וואָלט מען געמעגט צוגרייטן אַ כולל'דיקע ביאָגראַפיע פון דעם פילפאַר-ביקן, מערקווירדיקן און גרויסן, לויט יעדער מאָס, מענטשן.

***

ישיבה־בחור, פאַרשפּרייטער פון פרייען געדאַנק, שמיד, איינביג־דער, קוילן און זאַלץ־גרעבער, פויערים־אויפקלערער, רוסישער שרייבער,

יידישער שרייבער, פֿאָלקלאָריסט, דינאַמישער געזעלשאַפֿטלעכער און פּאָליטישער עסקן.

וועגן יעדן געביט פֿון ש. אַנסקיס טעטיקייט אין משך פֿון זיין קורצן, 57-יאָריקן לעבנס־שפּאַן, קען מען פֿיל און פֿיל שרייבן.

לאָמיר אין די וויטערדיקע שורות אָפּפּרישן ש. אַנסקיס פּערזענ־לעכקייט אויף עטלעכע געביטן, ווי שווער עס זאָל ניט זיין זיי פֿונאַנ־דערצעטיילן.

***

ש. אַנסקי הויבט שוין אָן צו 18 יאָר פֿירן אַ געזעלשאַפֿטלעכע אויפֿ-קלערונגס־טעטיקייט. פֿון אַן עכטן יידן ווערט ער אַן עכטער רוס. פֿון אַ בית־מדרש בחור ווערט ער אַ רוסישער פֿאָלקס־מענטש. געבוירן אין 1863 אין וויטעבסק, אין אַ פֿרומער יחוס׳דיקער משפּחה, האָט ער די ערשטע 17 יאָר פֿון זיין לעבן פֿאַרבראַכט אין חדר און בית־מדרש און זיך באַלאָדן מיט לומדות. צו יענער צייט האָבן שוין די אַלטע טראַדיציאָנעלע יסודות פֿון דעם יידישן לעבן זיך גענומען וואַקלען. אונטער דער ווירקונג פֿון דער גייסטיקער רעוואָלוציע פֿון דער דעמאָלסדיקער השכלה־באַוועגונג, אָנגעלייענט זיך מיט „ספרים חיצוניים״, ווי אַנסקי דערציילט אין זיינע זכרונות („גרעכי מאָלאָדאָסטי אי גרעכי סטאַראָסטי״, יוגנט זינד, און זינד אויף דער עלטער, ציטירט לויט זלמן רייזען, א. ג.) און אונטער דער ווירקונג פֿון יצחק בער לעווינזאָן, אברהם מאַפּו, פּרץ סמאָלענסקי, משה ליליענבלום — איז ער געוואָרן אַ פֿאַרברענטער אפּיקורס. ער פֿאַרלאָזט זיין היים און פֿאָרט קיין ליאָזנע, כלומרשט אַלס פּריוואַטער לערער, נאָר אין דער אמת׳ן, כדי צו פֿאַרשפּרייטן די נייע אפּיקורסישע אידייען צווישן די דאָרטיקע יונגע־לייט, עפֿענען זיי די אויגן. דאָס איז געווען, אַזוי צו זאָגן, די ערשטע געזעלשאַפֿטלעכע אויפֿגאַבע וואָס ש. אַנסקי האָט זיך געשטעלט. אָבער אין דער אַמאָליקער רעזידענץ פֿון דעם „אַלטן רבי״, רב שניאור זלמן, האָט דער רב פֿון שטעטל פֿאַרגעלייגט אויף אַן אסיפֿה מחרים צו זיין דעם ניי־געקומענעם כלומרשטן לערער, שלמה זאַנוויל ראַפּאָפּאָרט, וואָס פֿירט אַראָפּ די יונגע־לייט פֿון דרך הישר. מען האָט אים אפֿילו באַשולדיקט, אַז ער איז אַ מיסיאָנער, אַז ער וויל דערפֿירן די תלמידים זיינע צום שמד.

אַנסקי האָט געמוזט פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל און ער איז אַוועק קיין

דווינסק. מ'דאַרף דאָ אויך דערציילן, אַז דער יונגער ראַפּאָפּאָרט, ווי נאָר ער איז אַוועק פון בית־מדרש, האָט זיך גענומען לערנען אַ מלאכה, כדי צו זיין נעענטער צום פאָלק, און איז געוואָרן אַ שמיד. אַזוי ווי שמידעריי איז פאַר אים געווען פיזיש צו־שווער, איז ער איבערגעגאַנגען צו בוך־בינדעריי, און אין דווינסק האָט ער געאַרבעט אין אַן איינבינדעריי און גלייכצייטיק זיך פאַרנומען מיט זעלבסט־בילדונג. ער האָט זיך אויך אַריינגעוואָרפן אין לערנען רוסיש, וועמעס אלף־בית ער האָט ניט גע־קאָנט ביז 17־18 יאָר.

די רוסישע „נאַראָדנישע" (פאָלקישע) ליטעראַטור און דעמאָלטדיקע רוסישע פאָלקסטימלעכע אינטעליגענץ האָט גערופן „צו גיין אין פאָלק אַריין".

ראַפּאַפּאָרט, שפּעטערדיקער אַנסקי, לאָזט זיך אַוועק איבער דער־פער, ווו ער קוקט זיך צו צום שווערן, ביטערן לעבן פון דעם רוסישן פויער, לערנט די פויערישע קינדער לייענען, אָבער אַלס ייד, שיקט מען אים פון דאָרטן אַרויס. ראַפּאַפּאָרט פאָרט אַוועק קיין יעקאַטערינאָסלאַווער גובערניע און אין דאָנעצער ראַיאָן, ווו ער אַרבעט אין די זאַלץ און קוילן־גריבער, דערנעענטערט ער זיך צו דער פּשוטער רוסישער פאָלקס־מאַסע, ווערט איינער פון דער מאַסע, אָרגאַניזירט פאַרלעזונגען פאַר די שאַכטיאָרן. כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס דאָס פּשוטע פאָלק האָט ליב געקראָגן דעם וויטעבסקער יידישן יונגענמאַן, ווי אַן אייגענעם מענטשן. אין משך פון גאַנצע 6־7 יאָר, וואָס די פאַרלעזונגען האָבן אָנגעהאַלטן, האָט די אָרטיקע אַדמיניסטראַציע אַפילו ניט חושד געווען, אַז זיי קומען פאָר. עס האָט זיך ניט געפונען קיינער וואָס זאָל מסר'ן, פאַרקערט, די פויערים און אַרבע־טער פלעגן אים פאַרהיטן פון יעדער מעגלעכער סכנה מצד דער נאַ־טשאַלסטוואָ. אָבער דאָס לעבן אין די זאַלץ און די קוילן־גריבער האָט איבערגעפירט זיינע כוחות און רואינירט אַלע זיינע ציין צוליב סקאָרבוט (ציגגא). ראַפּאַפּאָרט־אַנסקי האָט פאַרלאָזן די קוילן־גריבער און איז אַוועק אויף אַ קורצער צייט קיין פּעטערבורג און דערנאָך קיין פּאַריז.

אין פּאַריז אַרבעט ער צוזאַמען מיט דעם אַנאַרכיסט רודאָלף ראָקער, וואָס איז אויך געווען אַן איינבינדער, אין איין וואַרשטאַט. שפּעטער איז אַנסקי געוואָרן פּריוואַטער סעקרעטאַר פון פּיאָטער לאַווראָוויטש לאַוו־ראָוו, דעם גרויסן רוסישן געלערנטן און דענקער. נאָך לאַווראָווס טויט

(פעברואַר, 1900), איז אַנסקי אַוועק אין דער שווייץ, ווו ער העלפט גרינדן די אַגראַר-סאָציאַליסטישע ליגע און ווערט שפּעטער טעטיק אין דעם פאַר־באַנד פון די רוסישע סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, מיט וועמען די ליגע האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן.

אין דער צייט פון דער רעוואָלוציע, אין 1907, קערט זיך אַנסקי אום צוריק קיין רוסלאַנד און נעמט אַן אַקטיוון אַנטייל אין דער רעוואָלוציאָ־נערער באַוועגונג פון דער עסערישע שיטה, איז פּערזענלעך באַקאַנט און אויסגעבונדן מיט די באַדייטנדיקסטע פּערזענלעכקייטן פון יענער עפּאָכע. שפּעטער ווערט ער א ראַטמאַן אין פּעטראָגראַדער שטאָט־ראַט פון דער עסערישער פּאַרטיי און נאָך שפּעטער (1917), דעפּוטאַט אין דער קאָנסטיטו־אַנטע — פאַרזאַמלונג פון דער דאָזיקער פּאַרטיי. ער האָט איבערגעלעבט איר פאַנאַנדערטרייבן דורך די באָלשעוויקעס. די יאָרן 1908 — 1914 זייי־נען געווען אַנסקי׳ס פאָלקלאָריסטישע יאָרן. ער באַקלאָגט זיך, אַז יידישע פאָלקס־שאַפונג גייען אונטער, ווייל דער ייד באַציט זיך גרינג און מיט פאַראַכטונג צו דער גרויסער רייכע שאַפונג וואָס לעבט אין פאָלק.

ער האָט אָרגאַניזירט אַ פאָלקלאָר־עקספּעדיציע וואָס האָט באַזוכט 66 פונקטן אין וואָלין און פּאָדאָלסק און האָט אָנגעזאַמלט אַ סך מאַטעריאַל: פאָלקס־מעשיות, דערציילונגען, אויסדריקע און מנהגים, סגולות און תרו־פות, מעשיות וועגן דיבוקים, שדים און ניט-גוטע, לידער, משלים, גלייכ־ווערטלעך און רעדנסאָרטן, ניגונים, תפילות און פאָלקס-לידער, יידישע אַנטיקן, פּנקסים. דאָס געלט פאַר דער דאָזיקער היסטאָרישער אַרבעט האָט אין אַ גרויסער מאָס געגעבן דער קיעווער באַראָן, וולאַדימיר גינזבורג. די גרויסע ליבע פון התלהבות פון די באַטייליקטע אין דער עקספּעדיציע, האָבן גורם געווען די וואָגיקע רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער ערשטער פאָלקלאָר־עקספּעדיציע אין אונדזער געשיכטע.

אַנסקי האָט זיך געגרייט צו באַאַרבעטן דעם דאָזיקן אומגעהויערן מאַטעריאַל אין 40 בענד. די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אָבער איבערגע־ריסן די דאָזיקע אַרבעט.

פון דער דערמאָנטער עקספּעדיציע לעבט ביים היינטיקן טאָג אין אַמעריקע אברהם רעכטמאַן, וועלכער האָט פאַרעפנטליכט אין 1958 אַ בוך וועגן יענער עקספּעדיציע. אין סעפּטעמבער, 1918, איז ש. אַנסקי, פאַר־שטעלט פאַר אַ גלח, אַוועק פון באָלשעוויסטישן רוסלאַנד און געקומען

קיין ווילנע. דאָ, אין ירושלים ד׳ליטא, האָט זיך אַנסקי צוריקגעפונען אין אַ וואַרימער יידישער סביבה. ער האָט ממש אויפגעלעבט, כאָטש מען האָט שוין אויף אים געקאָנט זען סימנים פון אַ געפערלעכער קראַנקהייט. אין ווילנע (20סטן סעפּטעמבער, 1919) האָט אַנסקי געגרינדעט די יידיש-היסטאָריש-עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט, וואָס נאָך זיין טויט איז די געזעלשאַפט אָנגערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען. אין דעם האַלבן יאָר וואָס ער האָט פאַרבראַכט אין ווילנע, האָט ער ניט נאָר געאַרבעט פאַר דער עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט, וואָס איז געווען זיין ליב קינד, ער האָט אויך געהאָלפן גרינדן די קהילה, דעם זשורנאַליסטן-פאַראיין, די קולטור-ליגע, דעם פאָלקס-אוניווערסיטעט, די צייטונגען „טאָג״ און „אידישע צייטונג״ און געטאָן אַנדערע וויכטיקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט.

בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה ווערט אַנסקי אַריינגעצויגן אין דער הילפס-אַרבעט פאַר די קרבנות אירע. אַלס באַפולמעכטיקטער פון דעם פאַרבאַנד פון די רוסישע שטעט, האַלט ער זיך אויף אין סאַמע רעכטן גיהנום, וואָס האָט זיך געשאַפן אין די מלחמה-ערטער פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, ברענגענדיק הילף מאָראַלישע און מאַטעריעלע, די פאַר-אומגליקלעכסטע קיבוצים און קהילות אין גאַליציע.

אַנסקי איז געווען באַקאַנט אַלס אויסגעצייכנטער רעדנער, מיט אַ באַזונדער אויפריכטיקייט, לעבעדיקן בילדלעכן אינהאַלט פון די באַאַרבעטע טעמעס.

**
*

דעביוטירט האָט ש. אַנסקי מיט אַ יידיש געשריבענער און אין רוסיש איבערגעזעצטער דערציילונג „די געשיכטע פון אַ פאַמיליע״ (וואָסכאָד, 1884). זיינע קריטיקער, פון דעם ערשטן ביז דעם לעצטן, (נחום סאָקאָלאָוו), האָבן עס געהאַלטן פאַר אַן אמת קינסטלעריש ווערק, און דר. חיים זשיטלאָווסקי האָט עס אפילו געהאַלטן אַלס ערשטע רייך קינסטלערישע אַרבעט פון אַ יידישן סאָציאַליסט. שפּעטער האָט ש. אַנסקי פאַרעפנטליכט אויף רוסיש אַ ריי דערציילונגען: „אין שענק״, „אין פריצישן הויף״, „אויף נייער ערד״, „טאָרגעס״, „שעפסן״, „אַ גאַנצע גאַלעריי טיפּן פון רוסישן פאָלקסלעבן״, ווי אויך פון יידישן לעבן: „מענדל טערק״ און „אַ יידישע פאַמיליע״. חוץ בעלעטריסטיק דרוקט ער אויף רוסיש זיינע עטיודן וועגן פאָלקס ליטעראַטור. וואוינענדיק אין פּאַריז אינטערעסירט זיך אַנסקי

שטאַרק מיט דעם סאָציאַלן און קולטורעלן לעבן אין פראַנקרייך, קומט אין פּערזענלעכער באַרירונג מיט די באַדייטנדיקסטע פּערזענלעכקייטן פון פּראָנצויזישן ראַדיקאַלן לאַגער און פּאַרעפנטליכט אַ ריי אַרטיקלען וועגן דעם צושטאַנד אין דער דריטער רעפּובליק, אין די אָנגעזעענסטע רו־סישע זשורנאַלן.

עס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר אַנסקין, וועלכער האָט ביז זיבעצן יאָר ניט געקענט אפילו דעם רוסישן אלף בית, אַז ער איז געוואָרן אַ רוסישער שרייבער און אין אַ קורצער צייט געוואָרן באַפריינדעט פּער־זענלעך מיט די פּראָמינענטסטע, צו יענער צייט, רוסישע שרייבער, ווי גליעב אוספּיענסקי, וולאַדימיר קאָראָלענקאָ און אַנדערע.

אָפּגעגעבן די בעסטע יאָרן פון זיין לעבן, די שענסטע כוחות פון זיין פּערזענלעכקייט דער רוסישער שפּראַך, הייבט זיך אָן ש. אַנסקי דער־נעענטערן צוריק צום יידישן מקור, פון וועלכן ער איז געווען אָפּגעריסן אַ צוואַנציק יאָר.

**
*

אויף דער פייערונג פון 25-סטן נומער פון „די אַרבעטער שטימע”, דער דעמאָלטדיקער אומלעגאַלער, צענטראַל אָרגאַן פוי „בונד”, וואָס איז איינגעאָרדנט געוואָרן אין בערן (שווייץ), לייענט אַנסקי איבער זיין עקס־פּראָמפּט־אָנגעשריבן ליד צום „בונד”, „אין געזאַלצענעם ים פון מענטש־לעכע טרערן”, וואָס ווערט אויפגענומען פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג. שפּעטער שרייבט ער זיין ליד „די שבועה”, וועלכע ווערט באַלד פּאָפּולער ווי די יידישע מאַרסעליעזע, און שוין דערמיט אַליין ווערט אַנסקי אַ יידישער פאָלקס דיכטער, אויף וועלכן די נייע יידישע גאַס קוקט ווי אויף אירן אַן אייגענעם. אַן אמת׳ער שותף צו דער יידישער ליטעראַרישער שאַפונג, ווערט ש. אַנסקי, מיט זיין „אשמדי”, וואָס ער דרוקט אין 1904 אין „פריינד” (נומערן 210־262).

זינט 1905 הייבט זיך אָן אַנסקיס פּראָדוקטיווע ליטעראַרישע טע־טיקייט צווישן יידן און אויף יידיש. ער פאַרעפנטליכט זיין ראָמאַן, „אין נייעם שטראָם”, זיין ראָמאַן „פּיאָנערן” (אין צוויי טיילן) אאַוו. כאָטש ש. אַנסקי איז געוואָרן אַ תושב אין דער יידישער ליטעראַטור אין 1904, ווערט ער דורך די ליטעראַטור־היסטאָריקער און קריטיקער פאַררעכנט פאַר איינעם פון די ראשונים, וואָס פאַרנעמט אַן אָרט ביי דער מזרח־וואַנט.

כאַטש מענדעלע האָט זיין ערשט ווערק אָנגעשריבן אין יידיש אין 1864, שלום עליכם אין 1884 און פרץ אין 1888.

איין ווערק אַנסקי׳ס האָט אָבער איבערגעלעבט אַלע זיינע פריער־דיקע שאַפונגען, און די ציין פון דער צייט האָבן עס ניט אָנגערירט, דאָס איז „דער דיבוק", אַ פאַלקסטימלעכע דראַמע, איז פאַרוועבט מיט לעגענ־דעס פון פיל דורות. „דער דיבוק" איז אַריין אין דער וועלט-ליטעראַטור און אַ חוץ אין יידיש און העברעאיש, איז די פיעסע אויפגעפירט געוואָרן אויף ענגליש, פראַנצויזיש, פויליש, דייטש, האָלענדיש, נאָרוועגיש, שווע־דיש און יוגאָסלאַוויש. דער אָנגעזעענער איטאַליענישער קאָמפּאָזיטאָר לאַדאָוויקאָ ראָקאַ, האָט מוזיקאַליש איבערגעשאַפן דעם דיבוק אויף אי־טאַליעניש. עס איז אויך געמאַכט געוואָרן אַ יידישער פילם פון דער פיע־סע. ח. נ. ביאַליק האָט איבערגעזעצט דעם דיבוק אויף העברעאיש און די „הבימה" איז געוואָרן וועלט-באַרימט אַ דאַנק דער דיבוק אויפפירונג, וואָס דער באַוווסטער וואַכטאַנגאָוו האָט רעזשיסירט, מיט דער הילף פון דעם מוזיקער יואל ענגעל. די ווילנער טרופּע האָט זי אויפגעפירט אונ־טער דוד הערמאַנס רעזשי, צו שלושים פון אַנסקיס פריצייטיקן טויט (נאָוועמבער 8, 1920).

מיר איז באַשערט געווען בייצוזיין די פרעמיערע פון „דיבוק" אין קאַמינסקיס טעאַטער אין וואַרשע, די פאָרשטעלונג האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רירנדיקער מאַניפעסטאַציע פון דער יידישער קולטור־וועלט, צום אָנדענק פון ש. אַנסקי.

מען קען אָן גוזמא זאָגן, אַז דער דיבוק איז געשפּילט געוואָרן טויזנטער און טויזנטער מאָל אין פּוילן, רוסלאַנד, אַמעריקע, אַרגענטינע און האָט געצויגן אומעטום דעם בעסערן עולם.

בלויז פון די אָפּהאַנדלונגען, אַרטיקלען, רעצענזיעס, פירושים, פּאָ־לעמיקס, רעפעראַטן און דג״ל וועגן דעם דיבוק אויפפירונג, וואָלט מען געקאָנט צענויפשטעלן אַ רייכן מוזיי. עס איז כאַראַקטעריסטיש, אַז ש. אַנסקי האָט פולע זעקס יאָר זיך אַרומגעטראָגן מיט אָט דער פיעסע, און, ניט געקוקט אויף אַלע זיינע באַמיאונגען, האָט זיך אים ניט איינגעגעבן אַז זיין „דיבוק" זאָל אַרויף אויף דער בינע. איך האָב טאַקע ערגעץ ווו געלייענט אַזאַ אויסדרוק: אַז דער מחבר — אַנסקי — האָט געמוזט פריער שטאַרבן, כדי דער דיבוק זאָל קריגן אַ סצעניִשן תיקון.

ש. אַנסקי איז אויך געווען אַן אָנגעזעענער צייטונגס־מענטש, ער האָט מיטגעאַרבעט אין דער פּאַרשפּרייטסטער יידישער צייטונג „דער מאָ־מענט“. זיין מיטאַרבעט, שרייבט אַנסקיס אַ מיטצייטלער, איז געווען זייער חשוב ביי אַלע לייענער און אין דער ערשטער ריי פון דער יידישער פּוב־ליציסטיק אין יענע טעג. (דר. מיכאל ווייכערט, אין זיין נאָרוואָס דער־שינענעם בוך „ווארשע“, זייט 51).

דערמאָנענדיק אַנסקיס פּובליציסטיק, איז פּאַסיק צו דערציילן פּאַל־גענדיקס וואָס מיר אַלע האָבן איבערגעלעבט אין אַ סך שפּעטערדיקע יאָרן, דאָס האָט אַ שייכות צו די דייטשן. דאָס איז געווען אין אָנהויב פון די ניינציקער יאָרן. ש. אַנסקי האָט ממש אַרויסגעזאָגט נביאישע געדאַנ־קען בנוגע דער דייטשער קולטור און דייטשישער פּינקטלעכקייט. רודאָלף ראָקער, דער באַוווסטער אַנאַרכיסטישער טעאָרעטיקער און שרייבער, שרייבט („אין שטורעם“), אַז ראַפּאַפּאָרט האָט בעסער אָפּגעשאַצט די לאַגע, ווי אַסך אַנדערע, וועלכע האָבן געהאַלטן דייטשלאַנד ווי דעם וויכטיקסטן פּאָנען־טרעגער פון דער קומענדיקער סאָציאַלער איבערקערעניש אין איי־ראָפּע. די דייטשן, זאָגט ראַפּאָפּאָרט, האָבן וואָס ווייטער אַלץ מער אויס־געלאָזן פון אויג דעם מענטשן און שטויסן אייראָפּע אויף אַ וועג, וואָס וועט מוזן ווערן פאַטאַל פאַר איר גייסטיקער און געזעלשאַפטלעכער אַנט־וויקלונג. דאָס דייטשישע פאָלק האָט צו ווייניק ווידערשטאַנדס־קראַפט צו קענען אַרויסשטעלן אַ ווירקזאַמען כוח קעגן די אָנגריפן פון זיין רע־גירענדיקער קאַסטע. צופּיל סיסטעמאַטיזאַציע, פלעגט ראַפּאָפּאָרט זאָגן, צעשטערט דעם מענטשנס נשמה און דערמיט אויך יעדן סאָציאַלן גלייכ־געוויכט.

* * *

ש. אַנסקי — דער מענטש. זיינע צייט־חברים האָבן אים אַזוי גע־שילדערט: אַנסקיס טאַלאַנט און התמדה זיינען תמיד געווען דורכגעדרונגען מיט זיין ווייכער פּאָעטישער נאַטור, מיט זיין ליבהאַרציקייט, מיט זיין ליבע צום פאָלק, צו דער מענטשהייט בכלל און צום יידישן פאָלק בפרט. אַן אמתער בע־ונד, אָן אַ פאַמיליע, אָן שום קרובים, האָט ער זיך אומעטום איינגעלעבט, אומעטום דערוואָרבן גוטע פריינט, וועלכע האָבן אים ליב געהאַט, ווי אַן אייגענעם. ביז זיינע גרויע האָר איז אַנסקי געבליבן גייס־סטיק יונג (דר. צמח שאבאד).

# מאָריס שוואַרץ

## דירעקטאָר פון יידישן קונסט-טעאַטער, מאַכט אַ רושם מיט זיין לעצטן אויפטריט אין לאָס-אַנגעלעס מיט זיין ענגלישער אויפירונג פון „יאָשע קאַלב" און אויך מיט זיין וואָרט-קאָנצערט אין יידיש.

אין ליכטיקן אָנדענק פון מאָריס שוואַרץ.

דער באַרימטער קינסטלער מאָריס שוואַרץ, האָט במשך די עטלעכע וואָכן פון זיין גאַסטראָלירן אין לאָס-אַנגעלעס, איינגענומען די שטאָט אין פולען זינען פון וואָרט.

די פאָרשטעלונגען זיינען געגעבן געוואָרן אין דעם שיינעם וויינבערג אוידיטאָריום אויף 5870 וועסט אָלימפּיק בולוואַרד. די יידישע יוגנט איז געווען איבערראַשט פון דער פּיעסע אין ענגליש וועלכע שפּיגלט אָפּ דעם וויטן אַמאָל.

דער טעאַטער איז יעדן אָוונט, אַ חוץ פרייטיק, געווען געפּאַקט פון יידישע עלטערן מיט זייערע קינדער. אויך פילע קריסטן האָבן באַזוכט די פאָרשטעלונגען וועלכע האָבן באמת געבליצט מיט קינסטלערישער לייטונג.

מאָריס שוואַרץ האָט געמאַכט אַ גרויסן דערפאָלג דערמיט וואָס ער האָט צוזאַמענגעשטעלט דעם פּערסאָנאַל פון יונגע יידישע זין און טעכטער, טאַלאַנטפולע קינדער וועלכע האָבן פאַרשטאַנען זייערע ראָלן גלענצענד און מאָריס שוואַרץ אַלס דער נישעווער רבי איז געווען אין זיין ראָלע אומבאַשרייבלעך גוט.

די בינע האָט אַלעמען באַצויבערט. מען וועט לאַנג געדענקען די טענץ, די קליידער, די מוזיק — אַלץ איז געווען פאַרכאַפּענד.

איך האָב גערעדט מיט דעם קונסט-דירעקטאָר מאָריס שוואַרץ, אים איבערגעגעבן די שטימונג פון עולם וועלכע זיינען פון אים באַגייסטערט.

מאָריס שוואַרץ האָט גערעדט מיט גרויס געפיל פון מ. וויינטרויב, דעם מענעדזשער פון „פאָרווערטס", די פּובליסיטי וואָס האָט באמת געבראַכט דעם עולם; די יידישע ראַדיאָ מיט ציליע און זלמן זילבערצוויג

וועלכע האָבן יעדן פרימאָרגן אין יעדן יידישן הויז אַריינגעבראַכט די מעל־דונגען.

מאָריס שוואַרץ האָט זיך דאָ אין לאָס־אַנגעלעס דערוואָרבן אַ פּלאַץ ווו ער שאַצט אָפּ זיינע גוטע פריינט און ווען ער וועט זיך צוריקקערן פון זיין טור איבער מדינת ישראל, וועט ער דאָ מאַכן זיין היים ביי אונדז אין לאָס־אַנגעלעס. קיין בעסער פּלאַץ פאַרן יידישן קונסט־טעאַטער — אַזוי זאָגט דער קינסטלער — איז ניטאָ איבערן גאַנצן לאַנד.

דער שלוס איז געווען דינסטיק דעם 24סטן נאָוועמבער, געווידמעט דעם טעאַטער לעקסיקאָן, געשריבן פון דעם באַוווּסטן טעאַטער און ראַדיאָ קאָמענטאַטאָר זלמן זילבערצווייג.

מאָריס שוואַרץ איז געווען דער פּרעזידענט פון דעם לעקסיקאָן, און צום שלוס יום־טוב איז דורכגעפירט געוואָרן אַ וואָרט־קאָנצערט אין דעם גרויסן אודיטאָריום פון דעם געני מאָריס שוואַרץ. זיין רעפּערטואַר איז באַשטאַנען פון אַלע גרויסע ווערק ווו ער האָט אין זיי געשפּילט די הויפּט ראָלן.

איך וויל ניט פאַרווערטערן די באַגייסטערונג פון דעם געפּאַקטן טעאַטער.

דער טאַלאַנטפולער שוישפּילער, מאָריס שוואַרץ, האָט געמאַכט אַזאַ איינדרוק, אַז דאָס פּובליקום האָט ממש געשטורעמט. ער איינער אַליין, אָן גרים, האָט דורכגעפירט 8 סצענעס ווי: „די גאָלדענע קייט״ פון י. ל. פּרץ, „טביה דער מילכיקער״ פון שלום עליכם; דער חזן אַ שיכור און פילע פילע בילדער וואָס מיר וועלן קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

מאָריס שוואַרץ איז אין זיין שפּילן אין לאָס־אַנגעלעס געווען ווי ביי י. ל. פּרץ „אויב ניט נאָך העכער״. מ׳האָט דעם קינסטלער באַוואָרפן מיט בלומען און מיט „בראַוואָ־בראַוואָ״. עס האָט גענומען עטלעכע מינוט ביז דער עולם האָט זיך באַרואיקט און דאַן האָט זיך מאָריס שוואַרץ מיט אונדז געזעגנט.

אויף דער בינע זיינען געווען געסט פון האָליוווד. דער באַגאַבטער קינסטלער דזשאָזעף שילדקראַוט, דער פאָטער פון דער דראַמע — אַנאַ פרענק; ז. זילבערצווייג מיט זיין פרוי. אַגב איז צליע זילבערצווייג געווען די פאָרזיצערין פון דעם גרויסן יום־טוב און האָט אויסגעזען פרעכטיק שיין.

מען האָט געגעבן פיל לויב צום מחבר פון לעקסיקאָן — זלמן זיל־

בערצווייג, וועלכער גרייט צו דעם פערטן בוך, ווו די גרעסטע קינסטלער וועלן ווערן פאַראייביקט און אויך די שיקאַגער דראַמאַטישע געזעלשאַפט.

עס זיינען געגומען געוואָרן בילדער מיט מאָריס שוואַרצן.

אויף דער בינע האָבן זיך געפונען די גדולים פון לאָס־אַנגעלעס מיטן קינסטלער בראש.

נאָך די אַלע פאָרמאַליטעטן האָט זיך מאָריס שוואַרץ געזעגנט מיטן פובליקום. ער האָט באַדאַנקט פאַר דער ליבער זעליקייט וואָס מען האָט אים אַרויסגעוויזן און האָט צוגעזאָגט קומען אין מאַי און דערעפענען דעם יידישן קונסט־טעאַטער דאָ אין לאָס־אַנגעלעס.

ווידער איז געקומען אַן אַפּלאָוז וואָס האָט אָנגעהאַלטן פאַר עטלעכע מינוט.

***

די דאָזיקע באַשרייבונג נוץ איך אויס אין דעם בוך אַלס אַ מתנה צו מאָריס שוואַרצן, ווייל אַ גרויסער מענטש לעבט אייביק, בפרט אַ קינ־סטלער. געשטאָרבן אין ישראל מאַרטש 1961.

---

# דער 25 יאָריקער יובילײ פון יידישן קונסט טעאַטער

### פון מאָריס שוואַרץ

צו דאָראַ שולנער מיט פריינטשאַפט, מאָריס שוואַרץ

אין 1918, ווען איך האָב געשפּילט מיט דעם גרויסן קינסטלער דוד קעסלער, האָב איך דערפילט די נויטיקייט צו שאַפן אַ יידישן קונסט טעאַטער אין אַמעריקע, ווו אַקטיאָרן, דראַמאַטורגן, מוזיקער און מאַלער זאָלן קענען קומען צום אויסדרוק אויף אַן ערלעכן טעאַטראַלן אופן זיי זאָלן זיך נישט מוזן זעטיקן מיט דעם נאַרישן ווילדן שונד, כדי צופרידנ־שטעלן דעם וואָלוועלן געשמאַק פון געוויסע טעאַטער באַזוכער פאַר וועל־כע דער טעאַטער איז ווי אַ צירק, ווו מען אונטערהאַלט מיט אַלערליי קלאַ־פערגעצייג.

אָט פון יענעם סאָרט עולם האָבן מיר קינסטלער זיך געוואָלט ראַ־טעווען, און ווען מיר ציען אונטער דעם חשבון וואָס פאַר אַ ווערטפולן רע־

פערטואַר מיר האָבן געשאַפן, זעען מיר אַז עס האָט זיך געלוינט די שווערע מי, דער שטענדיקער געראַנגל פאַר עקזיסטענץ כדי צו דערפירן צו דעם יובילעי פון פינף און צוואַנציק יאָר ערנסטער טעאַטער־אַרבעט.

דער וועג איז געווען אַ שווערער און אַ דאָרנדיקער, ערשטנס צוליב די פאַרשלאָסענע טירן פאַר אימיגראַציע און צווייטנס דער פאַקט אַז די מאַסן ווערן אויף אַ נאַטירלעכן אופן שפּראַכלעך אַסימילירט.

די פאַרצווייגטע לאַנד ליטעראַטור און דער טעאַטער אין דער ענג־לישער שפּראַך רייסן צו זיך גאַנצע משפחות וועלכע ווערן פאַרפרעמדט פון יידישן לשון, פון דער יידישער ליטעראַטור און יידיש טעאַטער.

דערצו האָט דער היטלעריזם געוואָרפן פּעך און שוועבל אויף דעם יידישן פאָלק, דאָס וואָרט „ייד" וואַרפט זיך אין די אויגן טאָג אויס און טאָג איין אין די שפאַלטן פון די אַמעריקאַנער צייטונגען, אַ סך יידן האָבן זיך אונטער דעם דרוק דערנעענטערט צום רעליגיעזן און נאַציאָנאַלן יידישן לעבן, אָבער צום יידישן טעאַטער און צו דער יידישער ליטעראַטור, זיי־נען זיי ניט צוגעקומען.

דער אמת איז, אַז אַ היפשע צאָל פון דער אַמעריקאַנער יידישער יוגנט האָבן געלערנט יידיש, אָבער זייער צאָל איז אַ סך קלענער ווי די וועלכע די געשלאָסענע טויערן פון אַמעריקע האָבן פון אונדז אָוועקגעריסן.

אין מיינע וואַנדערונגען איבער דער וועלט, האָב איך געשפּילט אין די גרעסטע יידישע קיבוצים, ווי: וואַרשע, לאָדזש, בוענאָס איירעס, לאָנ־דאָן, פּאַריז, אַמסטערדאַם ווי אויך אין תל אביב און אין ירושלים.

דאָרט, האָט פאַר דער לעצטער מלחמה דאָס יידישע וואָרט זיך דערטראָגן צו די אויגן פון אַנדערע פעלקער אין לאַנד און נישט נאָר פאַר יידן. אַ גרויסער פּראָצענט פון ניט יידן זיינען געקומען צו די פאָרשטעל־לונגען. די יידישע שפּראַך איז פאַר זיי געוואָרן אַזוי וויכטיק ווי ענגליש, פראַנצויזיש אָדער דייטש.

די טעאַטער קריטיקער אין יענע לענדער האָבן ניט געזוכט קיין תירוץ, אַז די יידישע שפּראַך האַלט זיי צוריק פון יידישן טעאַטער, ווייל אין טעאַטער איז אייגנטלעך דער מימישער שפּיל וויכטיקער ווי די שפּראַך. מען קען אפילו פאַרשטיין כינעזיש טעאַטער אויב די קונסט איז ווערטפול און שפּיגלט אָפּ דאָס פאָלק און לאַנד.

דאָרט האָב איך דערפילט אַז דער יידישער קונסט טעאַטער איז

נישט בלויז אַ טעאַטער אינסטיטוציע פאַר אַמעריקע, נאָר פאַר דער גאַנ־צער וועלט.

דער יידישער קונסט טעאַטער האָט אָפּט געליטן פון דעם דוחק פון גוטע אָריגינעלע פּיעסן. אַ סך פון אונזערע דראַמאַטורגן באַהויפּטן, אַז זיי פאַרמאָגן פולע שופלאָדן מיט אינטערעסאַנטע ווערק פיין געשריבן, פאַרמאָגן זיי אָבער נישט דעם טעאַטראַלן אינטערעס וועלכע זאָל אונדז געבן די מעגלעכקייט זיי אַרויפצעפירן אויף די ברעטער פון דעם טעאַטער.

דער דראַמאַטורג דאַרף פילן דעם פולס פון דער צייט, אָבער דאָס מיינט נישט אַז דאָס ווערק זאָל זיין פּראָפּאַגאַנדע, נאָר שאַפונגען וועלכע זאָלן פאַראינטערעסירן דעם טעאַטער עולם. דער טעאַטער גייער דאַרף קומען אין טעאַטער נישט ווי אין מוזעאום, נאָר ווי אין דער היים פון אַ באַקאַנטן פריינט ווו ער פילט זיך נישט פרעמד און פאַרפרוירן.

דער טעאַטער גייער קען נישט געטריבן ווערן מיטן בייטש צו אַ פאָרשטעלונג וועלכע אינטערעסירט אים נישט. דער קונסט טעאַטער האָט תמיד געזוכט אויפצופירן פּיעסן פון וויכטיקן אינהאַלט. מיר ווילן דעם טעאַטער־גייער אונטערהאַלטן, אָבער אין דער אייגענער צייט פאַר אים עפענען די טויערן און פענצטער צו דער וועלטלעכער טעאַטער קונסט, ווו דאָס לעבן ווערט ניט געפעלשט, נאָר אויף אַן ערלעכן אופן אַרויסגעבראַכט מיט אַלע ניואַנסן און דעטאַלן, ווי דער געניאַלער שעקספּיר האָט אָנגע־וויזן און ווי אונדזערע קלאַסיקער: פּרץ, שלום עליכם, גאָלדפאַדן און אַש האָבן אונדז געלערנט אַז דאָס יידישע פאָלקס־לעבן אין טעאַטער איז ניט בלויז אַ פּורים שפּיל, נאָר אַ טיפע פאַראַכטונג איבער די פּראָבלעמען פון אונדזער פאָלק, אויסגעשפּילט אויף דער בינע דורך ערנסטע קינסטלער וועלכע זאָלן נישט פעלשן, נאָר ערלעך און ווירדיק אַרויסטראָגן דעם הומאָר און דראַמאַטישע קאָנפליקטן פון אונדזער יידישן לעבן.

דער יידישער קונסט טעאַטער האָט די פינף און צוואַנציק יאָר פון זיין עקזיסטענץ אויפגעפירט העכער הונדערט און צוואַנציק פּיעסן פון יידישע און וועלטלעכע דראַמאַטורגן, און יעדע פּיעסע האָט פאַרמאָגט אין זיך דעם אָטעם פון לעבן. די היסטאָרישע ווערק ווי „שאול המלך“ אָדער „שבתי צבי“ און די מאָדערנע ווי לייוויק'ס „שמאַטעס“ און זינגער'ס „די ברידער אשכנזי“, האָבן אָפּגעשפּיגלט די מעלות און חסרונות פון אונדזער פאָלק, דער שלום עליכם הומאָר האָט געבראַכט פרייד צו די יידישע פאָלק־

מאָסן אין גאָר דער וועלט און שלום עליכם האָט געפונען זיין טעאַטראַלישן תיקון, און איצט איז דער טעאַטראַל שלום עליכם אין סאָוועטנפאַרבאַנד פונקט ווי אין ארץ ישראל.

דער קונסט טעאַטער האָט תמיד געעפנט ברייט זיינע טירן פאַר טעאַטער קינסטלער פון אַלע געביטן. ווי נאָר אַ נייער טאַלאַנט האָט גע־זוכט צו קומען צום אויסדרוק, האָבן מיר אים אַרויסגעהאָלפן.

אודאי וואָלטן מיר אַ סך מער דערגרייכט, ווען דער ערנסטער טע־אַטער פון אַמעריקע זאָל שטיין אונטער דער שוץ פון דער מלוכה ווי אין סאָוועטנ־פאַרבאַנד, אָדער אין אַנדערע לענדער, וווּ דער טעאַטער ווערט באַטראַכט ווי אַ דערציאונג אינסטיטוציע.

די הוצאות אויפצופירן אַ וויכטיקן ספּעקטאַקל זיינען אַזוי גרויס אין די לעצטע יאָרן, אַז נאָר אַ רעגירונג קען און דאַרף נעמען אונטער אירע פליגלען די ערנסטע טעאַטער עקספּערימענטן אין יעדער שטאָט און לאַנד.

ס'איז געווען זייער שווער צו פירן דעם קאַמף פאַר עקזיסטענץ ווייל אַ סך שטיינער זיינען געלעגן אויף דעם וועג, אָבער אונדזער ווילן האָט זיך געריסן צו געבן ערנסטע טעאַטער שאַפונג און מיר האָבן דאָך מנצח געווען. מיר קענען אָנווייזן אויף דער גרויסער צאָל אַרטיסטן וואָס דער קונסט טעאַטער האָט אַרויסגעבראַכט און דעם ווערטפולן רעפּערטואַר וועלכער איז דער אויסדרוק פון אונדזער פאָלקס לעבן.

צו דעם אינהאַלטרייכן רעפּערטואַר קומט איצט צו י. י. זינגער'ס „די משפחה קאַרנאָווסקי", אַ ווערק וואָס ברויזט מיט גרויסע אמת'ן פון אונדזער צייט.

איך וויל ביי דער געלעגנהייט אויסדריקן מיין דאַנק צו אַלע פריינט וועלכע זיינען מיט אונדז געשטאַנען פעסט און זיכער די גאַנצע צייט און אונדז געהאָלפן דערפירן צו דעם טעאַטער יום־טוב אין אונדזער קולטור־רעלן לעבן אין לאַנד.

איך רוף אַלע דראַמאַטורגן, אַקטיאָרן, מוזיקער, מאַלער און אַלע קינסטלער וועלכע האָבן אַ שייכות מיט דעם טעאַטראַלן אויסדרוק וויטער אונדז מיטצוהעלפן, ווייל אויף דעם זעקס און צוואַנציקסטן יאָר, דאַרפן מיר ערשט אויפסניי אָנהויבן די גרויסע אַרבעט צו רעווידירן דאָס שוין געשאַפענע, און מיט מוט און ענערגיע און מער טעאַטער־וויסן, באַגעגענען די נייע טעאַטער וועגן אויף וועלכע די באַפרייטע וועלט וועט אונדז פירן.

# לעצטער בריוו פון מאָריס שוואַרץ צו זיין לעבנס־פריינט דזשעק*)

תל־אביב, דעם 24טן פעברואַר, 1961

מיין טייערער דזשעק:

זיי מיר מוחל פאַר ניט ענטפערן אויף דיין בריוו פריער, ווייל איך אַרבעט דאָ איבער די כוחות ביי פּראָבעס, זיצונגען און אויפנאַמעס. אָבער איך פאַרזיכער דיר אַז איך טראַכט וועגן דיר יעדע מינוט, ווייל איך באַטראַכט דיך ווי מיין לעבנס־פריינט. איך עפן דאָ מיט „יאָשע קאַלב" דעם 2טן מערץ, און דערנאָך מוז איך שפּילן אַלע נאַכט אין אַן אַנדער שטאָט, וואָס ס'וועט פאַר מיר זיין זייער שווער צו פאָרן 3־4 שעה יעדן טאָג. אַזוי איז דאָ דער סיסטעם און ס'איז זייער אַ שלעכטער סיסטעם. מען וויל איך זאָל דאָ עטאַבלירן דעם קונסט־טעאַטער, אָבער איך צווייפל צי ס'איז מעגלעך. איך טראַכט נאָך אַלץ אַז דאָס בעסטע פּלאַץ וואָלט געווען אין האָליווּד.

וואָס האָסטו געטאָן וועגן אַ טעאַטער? שרייב ניט אונטער איידער דו שרייבסט מיר וואָסער טעאַטער און וועלכע באַדינגונגען.

די העברעאישע פּרעסע און די יידישע פּרעסע האָבן מיך אויפגענומען קעניגלעך. אָבער ס'איז דאָ דערביי אַן אָבער. דאָ איז ניט אַמעריקע.

וואָס מאַכט סעם און בורני? איך שרייב סעמען, אָבער כ'האָב ניט מיטגענומען זיין היים־אַדרעס. זיי אַזוי גוט און גיב אים איבער מיין בריוו.

איך האָב זיך אַרויסגעצויגן פון דן האָטעל. ס'איז אוממעגלעך צו צאָלן 21 דאָלאַר אַ טאָג פאַר איין צימער, אָן עסן. איך האָב גענומען אַ שיינעם אַפּאַרטמענט פון 4 צימערן, אָבער איך בענק שטאַרק נאָך די קינדער און נאָך די פריינט, באַזונדערס נאָך דיר. דאָס קומט פון האַרץ, דזשעק.

זיי געזונט און שרייב מיר אַזוי שנעל ווי מעגלעך.

דאָס איז פון דער „דזשערוסאַלעם פּאָוסט".

דיינער ווי שטענדיק, מאָריס.

---

*) דזשעק סטילמאַן וווינט אין לאָס־אַנגעלעס שוין 50 יאָר. געקומען אַהער אין עלטער פון 13 יאָר. זיין אַרבעט איז ריעל עסטייט. ער האָט געבויט האָליוווּד, בעווערלי הילס און אַנדערע געגנטן. אַליין וווינט ער אין האָליוווּד אין אַ פּאַלאַץ. ער איז געווען מאָריס שוואַרץ'ס חבר און פריינט און זיך מיט אים געחברט ביז זיין לעצטן אָטעמצוג.

# די געשיכטע פון די יידישע לייען־קרייזן פון דער נייסטער צייט

## אַריינפיר צו דער געשיכטע פון די לייען־קרייזן וואָס איז פאַרטפול פאַר דער יידישער פרוי וואָס האָט זיך אַליין פאַרטראַכט און באַשאַפן די לייען־קרייזן.

די לייען־קרייזן זיינען ניי אין אונדזער יידישן לעבן און אויך ניי אין אונדזער יידישער ליטעראַטור. אונדזערע מאַמעס האָבן געלייענט דעם טייטש־חומש. אין יענער צייט האָבן זייער ווייניק פרויען געקענט לייענען, זיינען געווען „זאָגערינס". מיר, דער לעצטער דור, האָבן אין דער אַרעמקייט זיך אויסגעלערנט לייענען און שרייבן. יעדער שטעטל האָט פאַרמאָגט אַזאַ לערער, ניט קיין אונטערשייד ווי דער לערער האָט גע־הייסן, בא אונדז אין ראַדעמישלע איז זיין נאָמען געווען פּיצע, פּיצע דער שרייבער. ער האָט פאַרמאָגט אַ גרויסע שטוב און אַ ווייב מיט עט־לעכע קינדער און אַ ציג.

מ׳קען זאָגן אַז פּיצע איז געווען אַ ייד אַ בעל הבית, אַלע אָרעמע מיידלעך האָבן זיך בא פּיצען געלערנט שרייבן יידיש, אָבער ניט לייענען אַ יידיש בוך, בלויז שרייבן. דער אָנהויב איז געווען פון אַ שורה גריזעל. מיר אַלע מיידלעך האָבן אויסגעדרייט דעם זעלבן „פּעי", צו ווען עס האָט זיך צוגעקלעפּט און צו ווען ניט.

די פּיציכע האָט זיכער ניט געקענט שרייבן און ניט דאַוונען, זייע־רע מיידלעך, אַלע געראָטן אין טאַטן, קורצע מיט צעפּאַטעלטע קעפּ, שוואַרצע האָר, זייערע נעז איבערן גאַנצן פּנים, מיט ציין ווי לאָפּעטעס און האָבן זיך זייער געגרויסט דערמיט וואָס זיי זיינען פּיצעס מיידלעך. אַזוי אַרום קען מען זיך פאָרשטעלן די לערע וואָס דאָס אָרעמע מיידל האָט געקראָגן פאַר 10 גראָשן. פונדעסטוועגן האָבן זיי זיך אויסגעלערנט אויס־דרייען דעם „פּעי" און זיך באַרימט אַז זיי לערנען אין אַ קלאַס.

נייך, ס׳איז ניט געווען דער קלאַס וואָס מ׳האָט זיך געקענט באַ־רימען מיט אים. דעריבער, ווען איך האָב אָנגעהויבן באַלאַנגען אין „יונגן בונד" און לייענען אַ יידיש ביכל, האָב איך אָנגעהייבן לייענען רחל פייגענבערגס אירע „קינדער יאָרן" און הנאה געהאַט פון איר שיין

שרייבן. בא מיר איז רחל פייגענבערג געווען מיין ליבלינג, אירע פאַנ-טאַזיעס האָבן מיר אַריינגעבראַכט אין פאַרשיידענע סיטואַציעס, איך האָב אויך געוואָלט אַזוי זיין. איך האָב געוואָלט דערציילן די מיידלעך וואָס איך האָב געלייענט, אָבער זיי האָט עס לחלוטין ניט אינטע־רעסירט, האָב איך זיך דערנעענטערט צו דער אינטעליגענץ. יענע אָבער האָבן געלייענט רוסיש.

מיין ערשטער לייען־קרייז איז געווען אין בלומקע לישאַנסקי׳ס הויז. דאָרטן האָב איך געלייענט די ווערק פון: רחל פייגענבערג, י. מ. וויסנבערג, נאָמבערג און אפילו י. ל. פרץ. מ׳האָט דעמאָלט געזאָגט אַז פרויען קענען פרצ׳ן ניט לייענען ווייל זיי קענען ניט קיין העברעאיש. אַביסל אמת איז אין דעם געווען, אָבער באַ בלומקען אין הויז איז גע־גרינדעט געוואָרן דער ערשטער לייען־קרייז אויף יידיש און די געביל-דעטע מיידלעך פון גימנאַזיע האָבן זיך געקוויקט מיטן יידישן בוך וואָס איך האָב זיי געבראַכט.

איך בין שוין דעמאָלט געווען אַ מאַמע פון קינדער. די ערשטע מלחמה איז דאַן אָנגעגאַנגען און מיר האָבן געלייענט שלום אַש׳ס „מערי״ און „דעם וועג צו זיך״, י. מ. וויסנבערג און אַנדערע דערציילונגען. מיר האָבן שוין דעם טייטש־חומש ניט געלייענט ווי אונדזערע מאַמעס, נאָר ביכער פון די בעסטע יידישע שרייבער און קלאַסיקער. בלומקע האָט מיך באַוואונדערט וואָס איך ברענג אַלע וואָך אַ נייעם בוך. אירע חברטעס, די שטודירנדע, האָבן דאַן געלייענט די דערציילונג פון דוד קעסעל „ווינ־טער״, פראַכטפאָל געמאָלן.

אָט פון יענע מיידלעך זיינען אויסגעוואָקסן אונדזערע איצטיקע לייען־קרייזן און מיר איז איינגעפאַלן אַריינצונעמען זיי ווי יידישע פער־זענלעכקייטן אין מיין איצטיקן בוך.

צוליב מאַנגל אין פּלאַץ נעם איך בלויז אַריין די קאָנסילס פון שיקאַגע און לאָס אַנדזשעלעס ווי אויך די לייען־קרייזן וועלכע שרייבן געשיכטע פון זייער גרינדונג און אַקטיוויטעטן. איך האַלט אַז די יידישע פרוי האָט חן און פיל שיינקייט און די מתנה גיבן זיי צו אַלע פרויען וועלכע זיינען פאַראינטערעסירט און אונדזער יידישער ליטעראַטור.

זאָל עס זיין אַ געשאַנק צום יידישן שרייבער וואָס האָט פאַר וועמען צו שאַפן און זיך ווידמענען צו די לייען־קרייזן אין אַמעריקע און אַנדערע

לענדער ווי: קאַנאַדע, מעקסיקאָ, און סאַוט אַמעריקע. אומעדום ווערט געלייענט, שטודירט און דיסקוסירט אונדזער יידישע קולטור און ליטעראַטור.

די פרויען, יעדע פאַר זיך אַליין, ניט אַלע פון פיצעס קלאַס, האָבן זיך אויסגעלערנט פאַרלייענען, אָבער גוטע צוהערער זיינען זיי און זיי מאַכן פון יעדן טאָג אַ יום־טוב.

די דאָזיקע אָפּטיילונג איז ווערטפול דערמיט וואָס מיר וועלן זען די פרוי וואָס שרייבט ערלעך שיין ווי אַזוי דער לייען-קרייז איז געוואָרן דער כח פון יידישן בוך.

זאָל מיין צושטייער זיין אייער מתנה צום יידישן לייען-קרייז, צום שרייבער און צום לייענער.

זייט געגריסט און געבענטשט.

דאָראַ שולנער.

---

# פערזענלעכקייטן פון יידישע לייען־קרייזן וועלכע שפּילן אַ גרויסע ראָלע אין אונדזער ליטעראַטור

ווען י. ל. פרץ דער אומשטערבלעכער קלאַסיקער האָט ביי זיך אין שטוב, אויף ציגעלני 1, אָרגאַניזירט די צוזאַמענקונפטן יעדן דאָנערשטיק מיט זיינע תלמדים, די שפּעטערדיקע באַוואוסטע שרייבער וועלכע זיינען נאָך דעמאָלט געווען זייער יונג, איז זיי ניט איינגעפאַלן אַז אין 50 יאָר אַרום וועלן זיין אָרגאַניזירטע יידישע פרויען לייען-קרייזן, וואָס קומען זיך צוזאַמען יעדע וואָך, ניט וויכטיק אין וועלכן טאָג, אָבער זיי מאַכן פון מיטוואָך שבת.

יעדער לייען־קרייז טראָגט דעם נאָמען פון אַ באַוואוסטן שרייבער וואָס איז באַליבט ביים פאָלק און עס ווערט געלייענט און דיסקוסירט דאָס יידישע בוך.

די לייען-קרייזן זיינען שוין אַלט אַריבער 40 יאָר. דער ערשטער לייען־קרייז האָט זיך געגרינדעט אין שיקאַגאָ. אַ גרופּע אויסדערוויילטע פרויען, געלערנטע, זיינען זיך צוזאַמענגעקומען אין דעמאָלדיקן יידישן קונסט-קלוב; זיי האָבן אויפגענומען מאלער, געמאַכט פאַר זיי אויסשטע־

לונגען. די קינסטלער וועלכע לאָזן זיך געדענקען זיינען געווען: סעם אָסטראָווסקי, טאָדרעס געלער און פילע אַנדערע. אָט פון די ליבהאָבערינס האָט איינע פון זיי געמאַכט אַ פאָרשלאָג צו גרינדן אַ לייען־קרייז, און גע־רופן בלויז די וועלכע זיי האָבן געוואוסט אַז מען קען זיי רופן, וואָס לייענט און פאַרשטייט ליטעראַטור.

פון די גאָר ערשטע איז געווען חנה סיגעל, איצט אַלטשול; פריידל סימקין, דאָקטאָר דייווויס, ענאַ קעסעלמאַן, חנה דאַלניק, דאָראַ סיימאָן, רבקה מאַרקוס, פרוי דר. ספּיוואַק און פילע אַנדערע וועלכע האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן גרינדן לייען־קרייזן אַזוי געטריי, אַז זיי האָבן אויפ־געגעבן דעם קונסט־קלוב און זיך אינגאַנצן געווידמעט צום לייענען.

אין יענער צייט איז קיין אונטערשייד פון רעכטס און לינקס ניט געווען זייער גרויס. מען האָט געלייענט ביכער פון גרויסע שרייבער; די נעמען זיינען אַלעמען געווען ליב און טייער און ס'האָבן זיך באַוויזן פּערזענלעכקייט, פּרויען מיט ליבע און ווילן צום יידישן בוך און צום שרייבער וואָס לעבט און שאַפט.

פון שיקאַגע האָבן זיך אַריבערגעוואָרפן די לייען־קרייזן אויך אין אַנדערע שטעט. די ערשטע שטעט זיינען געווען: וויניפּעג, מאָנטרעאַל, טאָראָנטאָ, דערנאָך לאָס אַנגעלעס. שפּעטער קומט מעקסיקאָ סיטי. די לעצטע שטעט זיינען געווען ניו־יאָרק, דעטראָיט, קליוולאַנד און אַנדערע.

אומעטום זיינען דאָ פירערינס וועלכע האָבן באַוויזן ממש ווונדער. דעם דאָזיקן ווונדער האָב איך אַליין געזען דאָס גליק צו באַגריסן זייער גרויסן כח וואָס איז דער באָדן פון דער יידישער ליטעראַטור.

דער י. ל. פּרץ לייען־קרייז איז שוין אַלט אַרום 25 יאָר. אירע גרינדער זיינען געווען: דזשעני מאַטעל, בערטאַ מילער, חברה בראָון, נחמה לימען, בערטא סטעלשול און פילע אַנדערע וועלכע האָבן געלייענט און געשטיצט די יידישע שולן און אויך שרייבער.

ווען די מלחמה איז פּלוצלונג געקומען, האָבן זיך אַ סך מאַמעס גע־ווידמעט צום „רויטן קרייץ״. דער לייען־קרייז האָט דערפון געליטן.

די איינציקע וואָס האָט ניט געקענט אויפגעבן איר פּאָסטן איז געווען דזשעני מאַטעל. אין יענער צייט האָט דזשעני מיט מיר זיך באַקענט און מיר געבעטן איר העלפן אָנהאַלטן דעם י. ל. פּרץ לייען־קרייז.

איך האָב עס אָנגענומען. עס איז דאמאָלט געווען די צייט ווען מיינע

ביכער זיינען דערשינען דורך אַ גרופּע אויף מיין נאָמען און איך האָב געמאַכט אַ פאָרשלאַג צו דער גרופּע זיך צו רופן אויפן נאָמען פון י. ל. פּרץ און דער וווּנדער איז געשען.

באַלד איז דער לייען-קרייז ברייט און ווייט באַקאַנט געוואָרן איבערן שטאָט און אויך אין אַנדערע שטעט.

דזשעני מאָטעל קומט צו באַגריסן פאַר איר איבערגעבנקייט צום יידישן שרייבער און צו זיין שעפעריש לעבן.

דער י. ל. פרץ לייען-קרייז האָט אַרויסגעגעבן מיינע ביכער פאַר וועלכע איך וועל זיי אייביק דאַנקבאַר זיין.

די איצטיקע פירערינס זיינען: שרה קעסקיל, מינע פרידמאַן, עטל סיגעלניק, לאה שניידער, פעני דאָרפמאַן און פילע אַנדערע.

נאָך 25 יאָר עקזיסטענץ איז דער י. ל. פּרץ לייען־קרייז פון די אַק־טיוווסטע קרייזן אין שיקאַגאָ. זאָלן זיי אָנגיין מיט זייער וויכטיקער אַרבעט וואָס איך באַגריס פון מיין טיפן האַרצן.

פון דעם י. ל. פּרץ קרייז קאָן מען שרייבן זייער פיל, ווייל, אַחוץ לייענען ווי מען לייענט אין אַנדערע קרייזן, ווערט דאָ נאָכן לייענען גע־זונגען פאַסיקע לידער פון מינע פרידמאַן, אַ באַגאַבטע אַרטיסטין. די פאָרלייענערינס ווייסן ווי צו האַלטן דעם צוהערער געשפּאַנט. עטל סי־געלניק טוט זייער פיל אַרבעט אָנצוהאַלטן די גרופּע, שרה קעסקיל שרייבט דעם פּראָטאָקאָל וואָס ווערט געלייענט ווי אַ גוט אַרטיקל, פעני דאָרפמאַן איז דער בוך־טשערמאַן, ווייל ביכער ווערן פאַרקויפט פון שרייבער און זיי דאַרפן האָבן צו וועמען צו ווענדן זיך. אודאי באַלאַנגט דער לייען־קרייז צום קאָונסיל, אָבער דער קרייז איז אינגאַנצן זעלבסטשטענדיק וואָס איז נוגע אָנצופירן מיט דער אַרבעט, צו שטיצן שרייבער און זיי אויך אויפנעמען מיט פיל שיינקייט. אויך שטיצט דער לייען־קרייז „אונדזער וועג" וואָס דערשיינט אין שיקאַגאָ אונטער דער רעדאַקציע פון נ. קראַוויץ.

דזשעני מאטעל רופט זיך די מאַמע און זי איז שטאָלץ מיט אירע געראָטענע קינדער. איך שרייב מער פון י. ל. פּרץ קרייז ווייל איך בין געווען אַ טייל פון דעם קרייז.

די אַרבעט ווערט געפירט ביי געדעקטע טישן. יעדע חברה וואָס נעמט צו זיך דעם מיטינג, פאַרוואַנדלט עס אין דעם שענסטן יום־טוב.

אָט וואָס עס שרייבן צו מיר חברות און זיי דערציילן מיר פון דעם

פאַרגעניגן וואָס זיי האָבן אין לייען-קרייז.

„טייערע דאָראַ;

היינט האָבן מיר געלייענט ביי חברה בראון. געווען אַרום 18 חברות. ניטאָ קיין ווערטער אייך איבערצוגעבן וואָס דער קרייז פאַרשאַפט מיר, סיי מיטן שיינעם לייענען און סיי מיטן שיינעם געזאַנג".

אַזוי שרייבט שרה קעסקיל, פעני דאָרפמאַן און דזשעני מאָטעל און פילע אַנדערע.

און איצט מוז מען זיך ווידער אומקערן צום קאָונסיל פון די לייען־קרייזן, ווייל אין יעדער שטאָט, ווי אויך אין יעדן לאַנד ווי מעקסיקאָ אָדער קאַנאַדע געפינט זיך אַ קאָונסיל פון אַלע לייען־קרייזן. יעדער לייען־קרייז קלייבט אויס פון איר גרופע דריי אָדער פיר פאַרטרעטערינס. שיקאַגא האָט אַרום 14 לייען־קרייזן, גרופירט זיך אַ היפשע צאָל מיט-גלידער וואָס שטעלן מיט זיך פאָר אַ פאַרצווייגטע אָרגאַניזאַציע.

מיר פירן דורך יעדן חודש אַ לעקציע ווו די חברות פון די לייען־קרייזן גרייטן זיך צו און גיבן רעפעראַטן פון באַרימטע קלאַסיקער. אויך נעמען די לייען־קרייזן אויף אַ שרייבער און מען פאַרשפּרייט זיינע בי-כער. די סעקרעטאַרין פון יעדער שטאָט איז אינפאָרמירט פון די בעסטע ביכער, און אַז אַ פאַרטרעטער פון ישראל האָט באַזוכט שיקאַגא אין די אינטערעסן פון דעם פאַרלאַג „י. ל. פּרץ" ביבליאָטעק אין תל אביב, האָט אים דער קאָונסיל פון שיקאַגא אויפגענומען מיט פיל שיינקייט. די סעק־רעטרין איז איצט חנה אַלטשול; פינאַנץ־סעקרעטאַרין איז לאה שניידער. די בעאַמטע פאַרמאָגן אַ סך אויסדויער און טוען זייער אַרבעט מיט פיל ליבע. די זעלבע אַרבעט ווערט אויך געטאָן אין לאָס אַנדזשעלעס.

אין לאָס אנגעלעס זיינען די קרייזן פיל מער אַקטיוו. דאָס איז צוליב דעם זייער שיינעם וועטער, ווו די זון שיינט אַזוי ליכטיק און פרויען האָבן דאָ מערער מעגלעכקייטן.

חברה פאגארעלסקי גיט מיר איבער אז דער ה. לייוויק קרייז איז שוין אין עקזיסטענץ ארום 25 יאָר. די חברות זיינען אויך פּיאָנערן וואָס העלפן בויען די יידישע מדינה, ישראל. אויך זיי באַטייליקן זיך אין פיל אַקציעס; זיי פירן דורך חודשלעכע לעקציעס. דאָרטן איז דאָ אַ פיינער יידישער צענטער ביים ים.

די רוטינע אַרבעט איז לייענען און זיך באַטייליקן אין דעם אויפבוי פון דעם יידישן לעבן אין וועניס, קאַליפאָרניע. עס געפינען זיך אין לאס אנגעלעס באַוווסטע שרייבער וואָס זיי ווערן באַערט סיי פון קאָונסיל און אויך פון אַלע לייען־קרייזן באַזונדער.

איך האָב באַזוכט די לייען־קרייזן, זיי האָבן מיר האַרציק אויפגענומען מיטן קאָונסיל בראש. איך האָב געלערנט זייער פיל פון זייער געטריישאַפט צום יידישן בוך. ווען דער לייענער וועט לייענען זייער געשיכטע און וועט זיך באַקענען מיט דער יידישער פרוי און אונדזער לעבן, וועט די פרייד זיין פון האַרצן.

אויך אין מעקסיקאָ סיטי איז דער זעלבער צוגאַנג. טאָראָנטאָ, וויניפעג און מאָנטרעאַל — די איבערגעבנקייט איז אומעטום דיזעלבע. עס איז נאָר אַ שאָד וואָס אונדזער יוגנט לייענט ניט קיין יידיש און זיי האָבן זיך פון זייערע מאַמעס ניט געלערנט ווי מיר פון אונדזערע. אָבער עס זיינען דאָ געוויסע אורזאַכן וואָס מיר קענען ניט איבעראַנדערשן. מיר האָבן פאַרזען אונדזער יידיש לשון, און מעגלעך וועלן אפשר אונדזערע אייניקלעך גיין אין אונדזערע פיסטריט. אַ פאַקט בלייבט אַ פאַקט — מיר זיינען די לעצטע פון אונדזער דור און זאָלן אונדזערע קינדער געדענקען זייערע מאַמעס און אָפּשאַצן אונדזער אַרבעט.

דער שרייבער האָט אַ היים אין יעדער שטאָט ווו ער קומט און ווערט אויפגענומען מיט פיל ליבע און וואַרימקייט. ער מוז בלויז האָבן דעם אַדרעס פון דער סעקרעטאַרין פון קאָונסיל פון די יידישע לייען־קרייזן. דאָס איז דער שליסל פון יעדער שטאָט!

---

## קאָנסיל פון די לייען־קרייזן אין לאס אנדזשעלעס

גאָסי סארטא, סעקרעטאַר
קלאַראַ סילבער, פינ. סעקר.
דר. דאָלניק לייען־קרייז
פרץ הירשביין לייען־קרייז
יהושע לייען־קרייז
ה. רויזענבלאַט לייען־קרייז
רינגעלבלום לייען־קרייז
חיים גאָלדבלום לייען־קרייז

ז. שניאור לייען־קרייז
ה. לייוויק לייען־קרייז
חיים גרינבערג לייען־קרייז
י. ל. פרץ לייען־קרייז
אַרבעטער רינג לייען־קרייז
שלום אַש לייען־קרייז
דוד פינסקי לייען־קרייז
אסתר שומיאַטשער לייען־קרייז

# דער קאָונסיל פון די לייען־קרייזן אין לאס אַנדזשעלעס

## גאָסי סארטא, סעקרעטאַרין

געגרינדעט אין 1940

געשיכטע איז פון אייביק דער גרונט, אָדער בעסער געזאָגט, דער באָדן וואָס גיט אונדז אַ מעגלעכקייט צו שפּינען דעם פאָדעם פון דער אייביקייט. דעריבער האָב איך זיך גענומען די מי און צייט צו פאַראייביקן די לייען־קרייזן מיטן קאָונסיל בראש, אָבער פריער זיינען געגרינדעט געוואָרן די לייען־קרייזן.

אין לאס אַנדזשעלעס געפינען זיך לייען־קרייזן וועלכע ווערן אָנגע־פירט פון זייער פּיאָנער פּראָיען וואָס זיינען געקומען פון דער איסט, ווי אויך פון קאַנאַדע און מעקסיקאָ סיטי.

ווען מיר שרייבן איצט געשיכטע איז כדאי אַרויסצוברענגען די גרינדער וועלכע האָבן געאַקערט דעם באָדן פאַר דער יידישער קולטור און געשאַפן אַ פּלאַץ פאַר דער יידישער טאָכטער זיך צו באַקענען מיט דער יידישער ליטעראַטור.

איך האָב געהאַט די געלעגנהייט צו זיין אין דער שיינער היים פון גאָסי סאַרטאָ, גאָסי און איר גאָטזעליקער מאַן זיינען געווען פון די ערשטע קולטור־טוער אין ל.א. און ביי חברה סאַרטאָ האָב איך גענומען די אינ־פאָרמאַציע פון קאָונסיל ווי אויך פון ה. רויזענבלאַט לייען־קרייז. סיי פון קאָונסיל און פון לייען־קרייז איז גאָסי ביז היינט־צו־טאָג די פּראָטאָקאָל סעקרעטאַרין. זי באַמערקט אָבער אַז מ׳זאָל ניט מיינען אַז נאָר זי אַליין איז געווען פון די ערשטע סעקרעטאַרן, עס זיינען געווען אַ באַדייטנדע צאָל חברות וואָס האָבן צוגעטראָגן זייער צושטייער. אין אַ באַזונדער אָפּטיי־לונג וועלן מיר אָנגעבן אַלע נעמען פון די ערשטע סעקרעטאַרן פון קאָונסיל און אויך פון ה. ראָזענבלאַט לייען־קרייז.

גאָסי סארטא דערציילט:

„מיר האָבן געהאַט דעם כבוד צו האָבן מיט זיך אונדזער דיכטער פאַר לאַנגע יאָרן, וועלכער האָט ליב געהאַט לייענען פאַר אונדז זיינע לי־דער פון מאַנוסקריפּט. ער איז שטענדיק געווען אונדזער גאַסט סיי ביים קאָונסיל און אויך ביים לייען־קרייז״.

גאָסי ענטשולדיקט זיך וואָס זי וועט מוזן ריידן פון ביידע אָרגאַ־ניזאַציעס, ווייל זי איז מיט זיי פאַרקניפּט און פאַרבונדן 30 יאָר. 30 יאָר איז אַלט דער קרייז און 25 יאָר דער קאָונסיל.

„מיר האָבן פאַר די 25 יאָר געהאַט פאַר געסט די גרעסטע קינסט־לער פון אַמעריקע און אייראָפּע. (שפּעטער וועלן מיר צייכענען אַלע שרייבער וואָס זיינען פון אונדז אויפגענומען געוואָרן מיטן גרעסטן דער־פאָלג). מיר האָבן דורכגעמאַכט פאַר די 30 יאָר צוויי מלחמות וואו די מאַמע האָט געפונען אַ טרייסט אינם לייען־קרייז, סיי ווען זי אַליין האָט געלייענט אָדער געהערט לייענען אַנדערע. אַלע חודש האָבן מיר זיך פאַרזאַמלט אין אַ היים פון אַ חברה און איינע פון אונדז האָט געגעבן אַ פאָרטראָג איבער אַ יידישן בוך.

מיר האָבן ביי אונדז אין ל.א. אַ באַדייטנדע צאָל דיכטערינס און זיי האָבן מיט אונדז מיטגעאַרבעט: אסתר שומיאַטשער (הירשביין), מלכה טוזמאַן און די פאַרשטאָרבענע דיכטערין שפרה וויס. שרה טייטעלבוים, אַ באַגאַבטע שוישפּילערין, איז געקומען פון שיקאַגע און האָט פיל גע־האָלפן דעם לייען־קרייז. זי האָט אויך געהאָלפן אָרגאַניזירן דעם קאָונסיל אין וועלכן אַלע לייען־קרייזן האָבן זיך אָנגעשלאָסן מיט צוויי פאָרשטייער פון יעדן קרייז.

שבת דעם 21סטן יאַנואַר, 1940, איז פאָרגעקומען די דערעפענונג פון קאָונסיל מיט אַ גרויסאַרטיקע קינסטלערישע פּראָגראַם, אין דער יידישער פאָלק־שול אויף סאַטע גאַס. די פאָרזיצערין איז געווען די דיכ־טערין שפרה וויס; פייגעלע פאַניטש, די וווּנדערלעכע פאָלקס־זינגערין, האָט אונדז באַשיינט מיט איר שיין געזאַנג, מאַדאַם בראַמען ביי דער פּיאַנאָ. ה. רויזענבלאַט האָט באַגריסט און געלייענט זיינע לידער. עס האָט אויך באַגריסט דער דיכטער גאָלד אין נאָמען פון דער קולטור געזעלשאַפט; רחל ליסט האָט פאָרגעטראָגן אייניקע זאַכן. צום לעצט ווערט פאָרגע־שטעלט שרה טייטעלבוים, איר פערזענלעכקייט און טאַלאַנט האָט אי־בערגעלאָזט אַן איינדרוק אויף דעם עולם וואָס האָט איר שטאַרק אַפּלאָ־דירט".

צום סוף וויל איך באַמערקן — זאָגט צו מיר חברה סאַרטאָ — אַז צו יענעם יום־טוב האָט מען מיך אויסדערוויילט צו זיין די קאַסירערין און איך בין גליקלעך איבערצוגעבן אייך דעם באַריכט פון אונדזער עק־זיסטענץ:

„מיר ציילן 25 יאָר עקזיסטענץ. פאַר דער צייט זיינען געווען פילע חברות פאַר באַאַמטע. שרה טייטעלבוים איז געווען סעקרעטאַר; שפרה וויס און פילע אַנדערע, אָבער צוליב זייער פאַרנומענקייט איז אויף מיין גורל אויסגעפאַלן צו האַלטן ביידע אַמטן — אין ה. רויזענבלאַט לייען־קרייז ווי אויך אין קאָונסיל אַלס סעקרעטאַר ביז היינט צו טאָג.

מיר מעגן זיין שטאָלץ מיט אונדזערע לייען־קרייזן אין לאָס אַנדזשעלעס און מיר שיקן דורך אונדזער באַשרייבונג אַ ליבלעכן גרוס צו אַלע יידישע לייען־קרייזן. פאַרן קאָנסיל פון לאָס־אַנגעלעס:

גאָסי סארטא, סעקרעטאַר פון קאָנסיל

סילי סלעקטאר, קאָר. סעקרעטאַר

1961 ל. א. קלאַראַ סילבער, פיינ. סעקרעטאַר

---

חברות וועלכע האָבן געהאָלפן בויען דעם קאָנסיל מיט די לייען־קרייזן: גאָסי סארטא, סעקרעטאַר

די דיכטערין שפרה וויס, שרה טייטעלבוים, באסי גאָלד, מלכה רויזענבלאַט, רחל ליסט, באדי לון, ראָזע באלאט, חייקע באנק, בעסי גאָלד, דאָראַ קארפמאן, יעטע גרעי, גאָסי סארטא, שרה גאַנז, טערעזאַ סאט, מאסי פרידלאַנד, דזשענע שאַפּיראָ, העלען לאניען און סימע גאָלדבערג.

## שרייבער וואָס דער קאָנסיל האָט אויפגענומען

דער קאָנסיל האָט צו פאַרצייכענען די פאָלגנדע שרייבער וועלכע זיינען אויפגעטראָטן ביי אונדז אין לאָס אַנדזשעלעס אַלס געסט מיט פאָרטראַגן, רעפעראַטן און לעקציעס:

ה. לייוויק, פרץ הירשביין, ה. רויזענבלאַט, איציק מאַנגער, רחל קאָרן, קאַדיע מאָלאָדאָווסקי, אסתר סומיאַטשער, מלכה טוזמאַן, מאַטעס דייטש, נ. גאָלדבערג, פּינטשע בערמאַן, שרה דזשאקלין, ש. מילער, מ. ראַוויטש, מ. אונגער, גלאַנץ לעיעלעס, אָשר פען, ברכה קאָפּשטיין, י. בראָנשטיין, דאָראַ שולנער, חיים גראַדע און מרדכי שטריגלער.

מיר האָבן פאַרשפּרייט זייערע ביכער ווי אויך האָבן מיר די שרייבער געבראַכט צום לייען־קרייז דורך דעם יידישן וואָרט. מיר פאַרצייכענען די ביכער פון יידישע שרייבער אין מעקסיקא סיטי — מאיר קאראנע, א. וויסבוים און אַנדערע.

אַט וואָס ראָוז באלעט זאָגט: — ביי אונדז אין די לייען-קרייזן איז אַן אמתער יום־טוב ווען אַ פרוי אַ שרייבערין און אַ דיכטערין קומט צו אונדז, דאַן ווערט יעדער מיטגליד אַ פּאָעטעסע אין איר אייגענעם געמיט און אידענטיפיצירט זיך מיט דער דיכטערינס געפילן און געדאַנקען וועל־כע זי אַליין קען ניט אויסדריקן אַזוי פּאָעטיש און שיין ווי די דיכטערין טוט עס. דערפאַר שיקן די מיטגלידער צו דער דיכטערין זייער קאָלעק־טיוון כוח און צוזאַמען מיט איר טאַלאַנט ווערט דאָס איין האַרמאָנישע שטימונג. די דיכטערין דערפילט דאָס גלייך און ווערט אינספּירירט וויסנ־דיק אַז זי האָט אמת'ע אינטעליגענטע צוהערערינס וואָס שאַצן איר אָפּ. אַזוי, אַז מיר אַלע מיטגלידער און פריינט פון די לייען־קרייזן מיטן קאָונ־סיל בראש זיינען צופרידן מיט זייער קומען.

## ה. רויזענבלאַט

# אין שענצטן טאָג פון האַרבסט

גערוידמעט צו מלכה רויזענבלאַט

אוודאי איז דער מוטער חוה'ס טעות טראַגיש! טראַגיש, וואָס בשעת
זי האָט דעם פאָטער אדם אָנגערעדט צו עסן פון דעם קלוגן עץ־הדעת,
האָט זי אים אויך נישט צוגערעדט צו טועם זיין פון עץ החיים'ס פרוכט.
וואָלט ער געווען פון עץ החיים בלויז אַן איינציק עפּעלע פאַרזוכט,

וואָלטסטו זיך ניט געשראָקן פאַרן בוים, וואָס וויגט זיך פאַר דיין פלויט,
אַ נאַקעטער, און וועקט אין דיך געמיט רעיונות וועגן שאָטנדיקן טויט...
און דו און איך, געוואַנדערט וואָלטן פרייע איבער גאָטס געבענטשטער ערד:
ניטאָ קיין צאַם, קיין טויער און קיין מלאך מיט קיין פלאַמענדיקער שווערד.

דו וואָלטסט פאַרשפּאַרט, אין שוויס פון פנים, עסן הייַנט דיין אָרעם ברויט,
און מורא האָבן פאַרן מינדסטן שאָטן, מחמת אין דעם שאָטן רוט דער טויט...
נאָר, שמועסנדיק צוריק, וואָלט אָדם, אין גן־עדן, יאָ געווען פאַרזוכט—
אַנשטאָט פון עץ הדעת—פון עץ החיים די פאַרבאָטענע, געבענטשטע פרוכט,

וואָס וואָלט די אייביקייט ביי מיר, ביי דיר געהאַט איצט פאַר אַ טעם?
אַ פאַנטאָם־שיף, פון ווינט געטריבן הפקר איבער אַ פאַרוויסט ים;

אַ פויגל אין אַ מדבר־לאַנד; ניטאָ קיין אָנהייב און ניטאָ קיין סוף;
ניטאָ די פרייד, דער פּחד, וואָס אין חלום, מחמת ס׳איז ניטאָ קיין שלאָף...

איז, גוט אַזוי! זאָל שטיין, אַ נאַקעטער, דער בוים דאָרט פאַר דיין פּלויט.
פאַראַן אַזוי פיל ציטער, צויבער, חלום אין דער בלינדער מורא פאַרן טויט...
איעדע רגע, שעה ווערט טייער, טייערער ביי דיר, און האַרציק האָלט
דער ערשטער שימער־גלימער, אין לעצטן בליאַסק פון האַרבסטיק גאָלד.

טאַ, פלאַטער ניט אַזוי!... ניט שרעק זיך פאַר דער בשורה אַז דו שטאַרבסט.
הייב אויף דיין קול און זינג אַ לויב צו גאָט, אין שענסטן טאָג פון האַרבסט.

## דער ה. רויזענבלאַט לייען־קרייז אין לאָס אַנדזשעלעס

די גרינדונג איז פאָרגעקומען אין הויז פון חברה בעסי גאָלד. דעם פּאָעט ה. רויזענבלאַט האָבן די גרינדערינס פאַרגעטערט, דערפאַר איז אין יאָר 1931 געגרינדעט געוואָרן דער לייען־קרייז מיטן דיכטער בראש.

פון די גרינדערינס ווערן גערעכנט: בעסי גאָלד, זי איז געווען די ערשטע סעקרעטאַרין, די פרוי פון פּאָעט ה. רויזענבלאַט, שפרה ווייס, חוה בראון, דזשעני שאַפּיראָ, יעטע גרעי, דאָראַ קאַרפּמאַן, מאַסי פרידלאַנד און סימע גאָלדבערג.

פון די שפּעטערדיקע זיינען: דאָראַ גאָלדשטיין, ראָזע באַלאָט, רחל ליסט, באַדיע לאַן, גאַסי סארטא און פילע אַנדערע וועלכע האָבן זיך תמיד באַטייליקט סיי אין לייענען ווי אויך אין לעקציעס. דער לייען־קרייז קומט זיך צוזאַמען אַלע צוויי וואָכן און די חברות מאַכן פון מיטוואָך שבת.

אין משך פון די 30 יאָר זיינען געווען אַ גרויסע צאָל חברות סעקרעטאַרן, אָבער פאַר די לעצטע יאָרן איז גאַסי סאַרטאָ סעקרעטאַר פון לייען־קרייז. דורך דעם רויזענבלאַט קרייז האָבן די חברות זיך פאַרבונדן מיט אַנדערע קרייזן און האָבן אָרגאַניזירט דעם קאָנסיל פון די קרייזן.

די געשיכטע איז באַזונדערס אינטערעסאַנט און גיט דעם לייענער אַ באַגריף אַז די יידישע פרוי האָט געאַקערט און געזייט און די קרייזן בליען אין לאָס אַנדזשעלעס ווי רויזן אין דעם שענסטן גאָרטן.

איך האָב באַזוכט דעם ה. רויזענבלאַט קרייז און גערעדט אויף דער טעמע: „ה. רויזענבלאַט — זיין לעבן און שאַפן". די באַשרייבונג נעם איך

דאָ אַריין ווי אַ מתנה צום קרייז.

די מיטגלידער דערציילן אַז רויזענבלאַט האָט פאַר זיי געלייענט זיינע לידער פון מאַנוסקריפּט און האָט זיך געפריייט מיט די חברות. זיין ליבשאַפט געדענקען זיי און דערמאָנען זיין נאָמען מיט גרויס פאַרערונג און ליבע. זיי גיבן אָפּ גרויס כבוד פרוי רויזענבלאַט וועלכע באַלאַנגט צום קרייז. אויך איז זי אַ וויכטיקער גאַסט ביים קאָנסיל. ס'איז אַ פאַר־גענינגן צו דערמאָנען די ערשטע חשובע מיטגלידער ווי: דאָראַ קאופמאַן, ראָזע אייבראַמסאָן און גאָסי סאַרטאָ.

ס'איז געווען יום־טוב'דיק ווען ס'האָבן זיך באַטייליקט די באַ־גאַבטע שרייבער: ש. מילער, דער פּאָעט חבר גאָלד און פילע אַנדערע פּערזענלעכקייטן וועלכע האָבן געגעבן לעקציעס און פאָרטראַגן וועגן וויכ־טיקע טעמעס.

טייערע חברות, זאָלן אייערע הענט זיין געבענטשט פאַר צוטראָגן אַזוי פיל שיינקייט צום יידישן שרייבער און צו אונדזער יידישער קולטור.

פאַרצייכנט פון דאָראַ שולנער.

1961 ל. א.

צום שלוס פון ה. רויזענבלאַט'ס לייען־קרייז, איז כדי צו באַמערקן די פאָלגנדע פאַקטן: ערשטנס, אַז דער קרייז איז געווען דער ערשטער אין לאסאנדזשעלעס. די ערשטע סעקרעטאַרין איז געווען באַשע גאָלד. נאָך איר — העלען לאניעך, נאַדי ליין און פילע אַנדערע וואָס האָבן ניט באַ־וויזן דעם אויסדויער צוליב זייער פאַרנומענדיקייט. דאַן וואַרפט זיך אַריין אין דער אַרבעט גאָסי סאַרטא. זי ציט צו איר שוועסטער ראָזע באַלאַט, אַ באַגאַבטער מענטש. איר טאַלאַנט וועט אין קורצן אָפּשפּיגלען אין מיין בוך. ראָזע ווידמעט איר אַרבעט צום רויזענבלאַט קרייז.

מיר האָבן פיל באַגאַבטע חברות וועלכע זיינען זייער קאָמפּיטענטע לייענערינס, ווי: חנה סורלעס, חברה פינקעל, מלכה רויזענבלאַט, שרה שיידזיק, שרה שערמאַן, שרה פאגארעלסקי, ענאַ באַשען און דאָראַ קאַרפּמאַן. מיר ווידערהאָלן אַ פּאַר מאָל די זעלבע נעמען צוליב קלאָרקייט. די גריג־דונג איז פאָרגעקומען אין יאָר 1932. דער קאָנסיל האָט זיך געגרינדעט מיט עטלעכע יאָר שפּעטער און כמעט דיזעלבע חברות האָבן געגרינדעט דעם קאָנסיל. די ערשטע סעקרעטאַרין איז געווען חברה גאָסי סאַרטאָ.

# ז. שניאור לייען־קרייז אין לאסאַנדזשעלעס

די גרינדער זיינען געווען: דאָראַ שולנער, די פּאַרזיצערין און פּעני פּאַרמאַן, אַ באַוווסטע פּערזענלעכקייט. מיט איר מיטהילף איז דער קרייז פאָרמירט געוואָרן אויפן נאָמען פון דעם באַוווסטן קינסטלער און פּאָעט זלמן שניאור לייען - קרייז. מיט גרויס כבוד טראָגן מיר דעם נאָמען וואָס וועט אונדז, יידישע פרויען און לייענער פון יידישן בוך, געבן די פרייד פון קומען אַלע צוויי וואָכן אין הויז פון אַ חברה און מאַכן יום־טוב פון אַ וואָכעדיקן טאָג. כדי ניט אָפּשטיין פון די אַנדערע קרייזן, גיבן מיר אַריין דעם יונגן קרייז אין דער גאָלדענער קייט פון דער געשיכטע פון די לייען-קרייזן אין דער גייסטער צייט, און מיר פאַראייביקן געשיכטלעך אונדזער שרייבער וועלכן מיר טראָגן מיט כבוד זיין נאָמען.

מיר זיינען אויך אָנגעשלאָסן אין קאָונסיל פון וועלכן גאָסי סארטא איז די סעקרעטאַרין.

ז. שניאור איז געבוירן געוואָרן אין שקלאָוו, מאָגילאָווער גובערניע. זיין יחוס ציט זיך פון דעם ליובאַוויטשער רבין — שניאורסאָן. אויך די מוטער, חיה־פייגע, האָט געשטאַמט פון באַלאַבאַטישע עלטערן וועלכע איז געווען אַ גרויסע שיינהייט און אַ געראָטענע אויף יעדן געביט. דער פאָ־טער, יצחק אייזיק, איז געווען אַ סוחר פון אַנטיקן. דריי פּערטל יאָר האָט ער פאַרבראַכט אין פאַרשיידענע גרויסע שטעט, ווי: מאָסקווע און ווארשע. זיין פאַך איז געווען די שענסטע איידל־שטיינער, בריליאַנטן, בראַקאַטן, בראָנזן, אַלטע־געבלאָזענע זילבערנע כלים, מטבעות פון אַלערליי לענדער. די געשעפטן האָבן אויף דעם יונגן קינד געמאַכט אַ גוואַלדיקן איינדרוק, און נאָך אין דער פריסטער יוגנט ווערט ער פאַרכישופט פון די שיינע, רייצנדע פאַרבן און קאָלירן.

ז. שניאור האָט אָנגעהייבן שרייבן אין העברייאיש. אויף אים קען מען זאָגן ערלעך אַז ער האָט געשריבן גלייך אויףביידע שפּראַכן—יידיש און העברייאיש, ווייל ביידע שפּראַכען איז אים געווען ליב און טייער. זיין שעפערישקייט האָט צו זיך ניט קיין גלייכן אין דער יידישער לי־טעראַטור, ער איז דער יינגסטער פון די דריי אין זיין דור: טשערניכאָווסקי, ח. נ. ביאַליק און ז. שניאור.

ז. שניאור האָט געקראָגן אַ שטרייַנג אָרטאָדאָקסישע דערציאונג,

דערנאָך אַ געמיש פון שטאָטישער שולע און יידישן חדר. זיין פאָטער, אַליק אַ גרויסער למדן, האָט זיין זון אַליין געלערנט. זיין מוטער האָט אויף זלמנען איבערגעלאָזט דעם געפיל צו פרויען־שיינקייט. געבוירן, ווי פריער דערמאָנט, אין שקלאָוו אין יאָר 1887 — געשטאָרבן אין ניו־יאָרק אין 1957. זיינע לעצטע יאָרן האָט ער געלעבט אין מדינת ישראל, אָבער צוליב זיין געזונט, געקומען צוריק קיין אַמעריקע און, פרייטיק, 20סטן פעברואַר, אויסגעהויכט זיין לעצטן אָטעם.

מיר, דער ז. שניאור לייען־קרייז, ערן זיין הייליקן אָנדענק.

פעניע פאָרמאַן, פרעזידענט; דאָראַ שולנער, סעקר.

---

ז. שניאור

## מאַרגאַרעטקעס

אין וועלדל ביים טייכל דאָרט זיינען געוואקסן
מאַרגערעטקעס עלענד און קליין; —
ווי קליינינקע זונען מיט ווייסינקע שטראַלן,
מיט ווייסינקע טראַ־־לאַ־לאַ.

געגאַנגען איז חוהלע שטיל און פאַרחלומט,
צעלאָזן די גאָלד־בלאָנדע צעפ,—
דאָס העלדזל אַנטבלויזט און געמורמלט־געזונגען
אַ לידעלע: טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

דאָ קומט איר אַנטקעגן אַ בחור אַ שלאַנקער,
מיט לאָקן, מיט שוואַרצע ווי פעך;
ער פלאַמט מיט די אויגן און ענטפערט איר לוסטיק,
און ענטפערט איר: טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

—וואָס זוכסטו דאָ, מיידל? וואָס האָסטו פאַרלוירן,
וואָס ווילסטו געפינען אין גראָז?

„איך זוך מאַרגעריטקעס״ — פאַררויטלט זיך חוה,
פאַררויטלט זיך טראַ־לאַ־לאָ־לאָ.

— דו זוכסט נאָך? און איך האָב שוין טאַקע געפונען
די שענסטע מאַרגעריטקע אין וואַלד,
אַ מאַרגעריטקע מיט צעפּ און מיט אויגן סאַפּירן,
מיט אויגעלעך טראַ־לאַ־לאָ־לאָ.

— ניין, כ׳האָב שוין מאַרגעריטקעס. איך האָב זיך פאַרגעסן —
איך זוך . . . דאָ ניט ווייט איז אַ קוואַל . . .
— דער קוואַל איז געשלאָסן, אָן מיר בלייבסטו דורשטיק
ביים קוואַלכעלע, טראַ־לאַ־לאָ־.

—איך וויל גאָר ניט טרינקען. איך זוך מיר אַ שאָטן,
די זון באַקט אַריין אַזוי היים...
—מיינע האָר זיינען שוואַרצער און קילער ווי שאָטנס
אין וועלדעלע — טראַ־לאַ־לאָ־לאָ.

דורשטיק מיין מיידעלע, מיד איז מיין קליינינקע,
צי מעג מען זי נעמען ביים האַנט?
צי מעג מען זי גלעטן, צי מעג מען זי קושן?
צי מעג מען נאָר? טראַ־לאַ־לאָ־לאָ.

— אָ, לאָז מיך, מען טאָר ניט! די מאַמע זאָגט מ׳טאָר ניט,
מיין מאַמע איז אַלט און איז בייז.
— וואו מאַמע, וואָס מאַמע? דאָ זיינען נאָרביימער,
נאָר ביימערלעך — טראַ־לאַ־לאָ־לאָ.

—„מען זעט!״—קיינער זעט ניט. „מען הערט״!—קיינער הערט ניט,
דאָס וועלדל איז בלינד און געדיכט.
אומאַרעם מיך, זיסע, דו זעסט איך בין רואיק,
איך קוש דיר נאָר — טראַ־לאַ־לאָ־לאָ.

—דו ליבסט מיך—איך ליב דיך!—דו שעמסט דיך—איך שעם מיך!
— אָ, ליב מיך און שעם דיך און שוויג;
און זע, ווי עס מישן זיך פעך־שוואַרצע קרויזן
מיט גאָלדענע טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

די זון איז פאַרגאַנגען, דער בחור — פאַרשוואונדן
און חוהלע זיצט נאָך אין וואַלד.
זי קוקט אין דער ווייטנס און מורמלט פאַרחלומט
דאָס לידעלע: טראַ־לאַ־לאַ־לאַ.

פאַריז, 1909.

## דר. דאָלניק לייען־קרייז

סאָניע פּאַרקער, סעקרעטאַר פון דר. דאָלניק לייען־קרייז אין לאָס־אַנדזשעלעס, שרייבט:

די גרינדונג פון דר. דאָלניק לייען־קרייז איז פאַרגעקומען מיט 13 יאָר צוריק. מיר, די אַריבערגעקומענע, זיינען געוואָרן איבעראַשט פון דער שיינער שטאָט מיט אירע טראָפּישע פלאַנצן און וווּנדערלעכע פּאַלמעס. עס איז געווען אַ פאַרגעניגן איינצוזאַפּן די לופט וואָס האָט ממש דערקוויקט. אָבער זיך איבערפלאַנצן אין אַ פרעמדער שטאָט, איז געווען אומעטיק. אין שיקאַגע האָבן מיר געהאַט אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן. דאָ איז מען פרעמד, הייבט מען אָן צו זוכן אַ פּלאַץ כדי צו קענען זיין אין געזעלשאַפט צו פאַרברענגען אַ פּאָר שטונדן, און דעמאָלט איז געבוירן געוואָרן דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן אַ לייען־קרייז ווו מ׳זאָל זיך קענען צוזאַמענקומען און לייענען אַ יידיש־בוך.

ציליע דזשייקאָבס, וועלכע האָט מיט מיר אין שיקאַגע באַלאַנגט צו דר. דאָלניק ברענטש, האָט געזאָגט:

„חברות, איך גיב מיין הויז און לאָמיר זיך דאָ אָרגאַניזירן אין אַ גרופּע אויפן נאָמען פון שיקאַגאָ. און ציליע האָט אַריינגעגעבן אַ נאָטיץ אין דער צייטונג און עס האָבן זיך אָפּגערופן אַ באַגרעניצטע צאָל פרויען: חברה ראָזענבערג, מאַרקוס, ציליע דזשייקאָבס, דאָרפמאַן, קאָפּאַלסקי און

מיין וויניקייט. צום צווייטן מיטינג זיינען געקומען פיל מער חברות. ציליע האָט געשריבן די בריוו פאַרן ערשטן מיטינג.

דער ערשטער צוזאַמענקום ביי ציליע דזשייקאָבס, איז געווען אַ דערפאָלג. צום צווייטן צוזאַמענקום זיינען צוגעקומען: חברה טענער, חברה ראַבין און אַנדערע. חברה ראָזענבערג האָט ניט גערוט. מיר רופן זי די מאַמע פון דר. דאָלניק לייען־קרייז, און זי איז אונדז טייער ביז היינטיקן טאָג. סאָניע קרינסקי איז געווען די ערשטע סעקרעטאַרין.

יעדע צוויי וואָכן האָבן מיר געהאַט אונדזערע פאָרלעזונגען ביי אַן אַנדער חברה אין הויז. במשך פון דער צייט האָבן מיר געהאַט פיל חברות פאַר באַאַמטע, אָבער חברה ראָזענבערג איז אונדזער שטענדיקער פּרע־זידענט פון קרייז.

עס איז כדאי צו דערציילן אז אונדזער ערשטע סעקרעטאַרין, סאָניע קרינסקי, האָט אַחוץ לייענען ביכער פון די בעסטע שרייבער, אויך גע־לייענט אַרטיקלען פון שרייבער. קאַפּאַלסקי האָט געלייענט פאַר אונדז דאָס יידישע בוך; חברה בלומע שאַפּירא, ביי וועלכער דאָס יידישע וואָרט איז איר גאַנץ לעבן, האָט פיל בייגעטראָגן צום דערפאָלג פון אונדזער שיקאַגער לייען־קרייז און פאַרנעמט איר אָרט אַלס קולטור פאָרזיצערין.

אונדזער באַגאַבטע ציליע שרייבער, ברענגט אונדז די סאַמע בע־סטע ביכער און באַרייכערט אונדזער וויסן ניט נאָר פון אונדזער יידישער ליטעראַטור, נאָר אויך איבער דעם ענגלישן שרייבער און זיינע קינסט־לערישע ווערטן. איר איבערגעבן אַ בוך פאַר אונדז איז אַ גרויסע דער־הייבונג. אויך חברה טיגיי, אַ פיינע עסעיאיסטין אין ענגליש, גיט פאַר אונדז פון צייט צו צייט אַ לעקציע. דאָרא שולנער טראָגט צו איר צו־שטייער; מיט איין וואָרט, דער דר. דאָלניק לייען־קרייז איז אונדזער יום־טוב אויף וועלכן מיר וואַרטן מיט אומגעדולד.

יאָ, די צייט איז ניט געשטאַנען. איצט, ווען איך שרייב די גע־שיכטע פון אונדזער גרופּע, ציילן מיר אַרום 40 מיטגלידער. מ׳קען ניט דערמאָנען אַלעמען, אָבער מיר מוזן דערמאָנען אונדזערע באַאַמטע און פאַרצייכענען זייערע נעמען:

חברה ראָזענבערג, פּרעזידענט און פינאַנץ־סעקרעטאַר; פּעני אַדלער, קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטאַר; בלומע שאַפּירא, סאָניע פּאַרקער, פייגע ראַבין, סאָניע קרינסקי.

חברה יאַפּע האָט אַ סך פאַר אונדז געלייענט פון אירע אייגענע זאַכן. די הויפּט זאַך, מיר שטיצן שרייבער, מיר העלפן בויען אונדזער ייִדישע קולטור אין לאָס אַנגעלעס. מיט גרעסערע ביישטייערונגען זיינען מיר פאַרטראָטן צום „ייוואָ“, אַלע יאָר האָבן מיר אַ ספּעציעלן נאָכמיטאָג ווו דער סעקרעטאַר, חבר טילעס און חיים שאַפּיראָ קומען און מיר האָבן אַ גייסטיקן פאַרגעניגן און די גאַנצע איינאַמע גייט פאַרן „ייוואָ“.

מיר שטיצן די קינדער שולן, די „צוקונפט“, די הויפּט זאַך — מיר קויפן די בעסטע ייִדישע ביכער און מיר לייענען אַלע צוויי וואָכן. מיר לאַדן איין געסט פאַר אַ לעקציע. אונדזער חברה ראָז באר גיט אונדז ניט נאָר איר היים פאַר לייענען, נאָר אויך איר טאָכטער, סערע האַרוויק, פאַר אַ פיינער לעקציע.

מיר טראָגן מיט שטאָלץ דעם גרויסן נאָמען פון דר. דאַלניק, וועלכער איז מיט עטלעכע יאָר צוריק פּלוצלונג געשטאָרבן אין שיקאַגע. מיר ערן זיין אָנדענק מיט גרויס כבוד. ביי אונדז באַלאַנגט זיין ליבע פרוי, חנה דאַלניק און באַשיינט אונדזער לייען־קרייז זייער אָפט מיט אַ פאַרלעזונג.

עס טוט מיר לייד צו זאָגן אַז חברה פריידל סימקין און חברה קאַפּאַלסקי איז שוין מיט אונדז מער ניטאָ. מיר ערן זייער אָנדענק. זייערע היימען זיינען שטענדיק געווען פאַר אונדז צוגעגרייט און אָפן.

מיר באַגריסן חברה עפּעלמאַן פאַר איר קולטורעלן ביישטייער פאַרן לייען-קרייז און אונדז געבן איר שיינע היים.

איך וויל שליסן מיין באַשרייבונג וועגן אונדזער לייען־קרייז מיט אַ דאַנק צו אַלע חברות וואָס טראָגן צו זייער פיל שיינקייט צו אונדזערע לעזונגען.

אַ באַזונדערן דאַנק צו חבר דאָרפמאַן און זיין ליבע פרוי פאַר קומען צו אונדז תמיד און ברענגען אַ שיינע פאַרלעזונג.

אַ דאַנק צו חברה שולנער פאַר איר אינטערעס אונדז אַריינצונעמען אין איר בוך „ייִדישע פערזענלעכקייטן“. זי איז אונדזער מיטגליד און מיר שאַצן עס אָפּ.

צום סוף קומט דאָס בעסטע --ביילקע בלום, אויך פון שיקאַגאָ, אַ פיינע זינגערין פון פאָלקס לידער און פון צייט צו צייט לייענט זי פאַר אונדז פאָר פאָעזיע פון באַגאַבטע פּאָעטן.

מיט ליבע צו אייך אַלע, טייערע חברות, אייער סעקרעטאַר פון דר. דאַלניק לייען־קרייז.

פאַרצייכנט פון סאָניע פּאַרקער.

1960, לאָס אַנגעלעס, קאַליפאָרניע

---

# פּרץ הירשביין לייען און דיסקוסיע גרופּע

געשריבן פון חנה קעסעלמאַן, פּרעז.

די פּרץ הירשביין לייען־גרופּע אין לאָס־אַנדזשעלעס איז צושטאַנד געקומען דורך אַ באַגער צו העלפן אויף אַ צאָל געביטן די חברים פון פּרץ הירשביין צווייג פאַרבאַנד זיך דערנעענטערן איינע צו די אַנדערע, ווערן משפּחהדיק, חבריש, פאַרברייטערן און געניסן קולטורעל, קומען צום אויסדרוק און זיך באַטייליקן אין די טעטיקייטן פון פּרץ הירשביין פאַרבאַנד צווייג ווו מייסטע פון די חברות זיינען מיטגלידער, ווי אויך צוטראָגן פינאַנציעלע הילף אויף וויפיל עס איז מעגלעך צו דערציען און שטיצן אונדזער יוגנט, די הבונים.

כדי דאָס צו דערגרייכן, האָבן מיר, אַ קליינע גרופּע חברות, זיך פאַרזאַמלט אין דער היים פון חברה קעסעלמאַן אין האַרבסט פון יאָר 1958 און געגרינדעט אַ לייען־גרופּע אונטערן ווירדיקן נאָמען פּרץ הירשביין.

ס׳איז אויסגעאַרבעט און אָנגענומען געוואָרן אַ פּראָגראַם פון לייענען אַ יידיש בוך, לייענען און דיסקוסירן לויפנדע געשעענישן אין וועלכע יעדע חברה קען זיך באַטייליקן אין איינע פון די צוויי שפּראַכן — יידיש אָדער ענגליש. איינאָרדענען פון צייט צו צייט אַ בוך איבערבליק און רעצענזיע. כדי די משפּחהדיקייט זאָל זיין פולקאָם, פייערן מיר ימים־טובים צוזאַמען מיט די חברים, מענער פון אונדזערע מיטגלידער.

נאָך דריי יאָר עקזיסטענץ האָט זיך די גרופּע איינגעלעבט חבריש, געוואָקסן קולטורעל און פאַרפילפאַכט די מיטגלידערשאַפט וועלכע באַשטייען פון פאָלגנדע חברות:

חנה קעסעלמאַן, אַנאַ האַרווי, רבקה ברוידע, פעני פּאָרמאַן, אסתר קושמאַן, עליזאַבעט לינדער, סאָניע פּאַרקער און מרים פיינבערג (דאָס

זיינען די ערשטע 8), ראָוז קאָהען, ראָוז פינסקי, הינדע ניומאַן, יעטאַ פרידלענד, אידע קאנקיס, דאָראַ איבראַמסאָן, רבקה קעסטעל, חנה פישער, חברה סטארלין, אידע פאיעסט, ראָוז עלקין און מרים ראָזענבערג.

די קולטורעלע דערגרייכונגען: געליינט אַ צאָל ביכער. לעצטנס פאַרענדיקט „איינזלען אויף דער ערד" פון מרדכה שטריגלער, אָנגעהייבן לייענען „דער מאַמעס שבתים" פון חיים גראַדע. געליינט, דיסקוסירט און רעאַגירט אויף אַ גרויסע צאָל לויפנדע געשעענישן („קוירענט עווענטס"), געהאַלטן אַ צאָל בוך־איבערבליקן און באַערט מיט איינליי־טונגען דר. הערצל צו זיין 100 יאָריקן געבוירנטאָג אַזוי אויך שלום עליכם און ש. דובנאָוו.

ימים־טובים פייערן מיר שטרענג טראַדיציאָנעל און משפחהדיק צוזאַמען מיט אונדזערע חברים, מענער פון די מיטגלידער פון דער פרץ הירשביין לייען־גרופּע, אין גייסט פון אונדזערע עלטערן און מנהגים פון יום־טוב אין דעם טאָג ווען דער יום-טוב פאַלט אויס.

די פינאַנציעלע דערגרייכונגען זיינען גאַנץ ממשותדיקע, סיי אין דער שטיצע צום אינסטיטוט פאַר יידישע דערציאונג און פאָלק־שולע, און סיי העלפן די הבונים אין דער אַרבעט פון פירן אונדזער יוגנט אויף דעם וועג פון המשך דורך לערנען מיט זיי דאָ אין שטאָט און אין קעמפּ ווו די פרץ הירשביין לייען־גרופּע צוזאַמען מיטן פאַרבאַנד-צוויג האָבן אויפגעבויט אַ קאַבינע.

דאָס איז די געשיכטע פון איינע פון די לייען־גרופּן אונטערן נאָמען פרץ הירשביין אין לאס־אַנדזשעלעס. אַ גרופּע יונג אין יאָרן און פרוכט־באַר אין קולטור אַרבעט.

חנה קעסעלמאַן, פּרעזידענט.

---

# יהואש לייען־קרייז

געשריבן פון חיה ניומאַן.

דער יהואש לייען־קרייז איז געגרינדעט געוואָרן מיט איבער 20 יאָר צוריק.

ווי איינע פון די ערשטע גרינדערנס האָט מיר איבערגעגעבן (אמיליא

קענטאָר), איז דער געדאַנק געבוירן געוואָרן בא אַ גרופּע פרויען וואָס האָבן זיך קאָנצענטרירט אַרום דער אַרבעטער רינג שול דאָ אין שטאָט, מיט דעם לערער לייזער מעלצער. נאָכדעם איז צוגעקומען מרים מעלצער, אסתר ראָטמאַן און נאָך אייניקע וועלכע האָבן זיך גערופן „שלום אַש לייען־קרייז״.

מיט אייניקע יאָרן שפּעטער איז דער נאָמען געביטן געוואָרן אויף „יהואש לייען־קרייז״, וועלכע ציילן איצט אַרום 36 פרויען און זיינען געבענטשט מיט אַ פיינער גרופּע וועלכע האָבן אַ טיפן אינטערעס צום יידישן וואָרט און יידישע שפּראַך. די פרויען זיינען ניט פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן צו אונדז, נאָר זיינען געקומען ווייל זיי ווילן זיך גייסטיק אויס־לעבן די פּאָר שעה איין מאָל אין צוויי וואָכן וואָס מיר קומען זיך צוזאַמען. אַלע אונדזערע צוזאַמענקונפטן שטייען אויף אַ הויכער קולטורעלער ניוואָ.

פון אונדזערע פּראָגראַמען פאַר די לעצטע צוויי יאָר, וועט געבן אַ בילד ווי אַזוי אַ קאָמיטעט פון חברות וועלכע בריינגען אַריין רעקאָ־מענדאַציעס אין אָנהייב פון יעדן יאָר:

יעדן יאָר נעמען מיר אָן אַ געוויסן פּראָיעקט ווי אַ קורס איבער אַ געוויסן געגנשטאַנד. מיט צוויי יאָר צוריק זיינען מיר דורכגעגאַנגען אַ קורס איבער פּסיכאָלאָגיע פון פּסיכאָלאָג לייבוש לערער פון זיין בוך „אַזוי זיינען מענטשן״, וואָס אין אים שפּיגלען אָפּ די אייגנשאַפטן און שוואַכקייטן פון מענטשן, ווי די זעלבע מענטשן, ביי פאַרשיידענע אומ־שטענדן, האָבן געהאַנדלט להיפּוך צו זייערע באַשלוסן.

לעצטן יאָר האָבן מיר דורכגעשטודירט דאָס בוך פון קאַדיע מאָ־לאָדאָווסקי „אויף די וועגן פון ציון״, וואָס האָט אַרומגענומען דעם גאַנצן ציוניסטישן געדאַנק, די אַנטוויקלונג, ריכטונגען, שטערונגען און דער־גרייכונגען דורך די אַלע יאָרן. זי האָט אַפילו גענומען מיט אונדז אַ „שפּאַ־ציר״ אין פאַרשיידענע פּונקטן איבערן לאַנד, ווי: שטעט, דערפער, קיבו־צים, משבים אזוו. ביאָגראַפיעס פון גרויסע פערזענלעכקייטן וועלכע האָבן זיך באַטייליגט אין דער גרינדונג, ביז הייַנטיקן טאָג, ביז דעם פּרעזידענט פון אונדזער מדינה יצחק בן צבי.

דעם יאָר זיינען מיר אַוועק אַביסל טיפער אין דעם „געדאַנק פון יידישן וויסן״, מיר לערנען איצט מענעס'עס בוך „דער יידישער געדאַנק אין דער נייער צייט״. מיר האָבן אָנגעהייבן מיטן פינפטן אָפּטייל „קולטור

און שפּראַך", מיט אַזעלכע לערער ווי: מיכה יוסף בערדיטשעווסקי, מאַקס ווײַנרייך, נח פּרילוצקי, דר. זשיטלאָווסקי, ש. ניגער און פילע אַנדערע.

מיר אַלע פילן אַז אונדזער גייסטיקער באַגאַזש ווערט אַביסל שווע-רער נאָך אַזעלכע צוזאַמענקונפטן. מיר פירן זיך אויך אַז בא יעדער זי־צונג לייענט פאָר אַן אַנדער חברה. דאָס גיט אַ געלעגנהייט אַ גרויסע צאָל פון אונדז צו האַלטן אַ שטיקל צייט דאָס בוך בא זיך און זיך באַקענען מיטן אינהאַלט. צו דעם קומט אויך צו אַ צייט־פראַגע. מיר לייענען, דיס־קוטירן און שמועסן. מיר ווייסן אַז נאָך אַ טאָג איז אַוועק און האָט אונדז איבערגעלאָזן אַ גייסטיקן געניוס. פון צייט צו צייט האָבן מיר אויך אַ בוך איבערבליק. מיר לאַדן אויך איין שרייבער און קולטור־טוער פון שטאָט וועלכע באַשיינען אונדזערע יום-טובים. פון די גרויסע צאָל ביכער וואָס מיר קויפן, פאַרמאָגן מיר אַן אייגענע ביבליאָטעק. אַ גרויסע צאָל פון אונדזערע מיטגלידער באַנוצן זיך מיט דער געלעגנהייט.

אונדזערע חברות האַלטן אַז מיר באַדאַרפן עפּעס צוטראָגן צו די יידישע געזעלשאַפטלעכע נויטן, און כאָטש די מערסטע זייַנען טעטיק אין אַנדערע אָרגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס ווו זיי העלפן שאַפן פאָנדן וואָס איז זיי צום האַרצן, באַשטייען זיי אַז מיר זאָלן אויך צולייגן אַ האַנט. מיר האָבן געשאַפן באַדייטנדע סומען פאַר: הסתדרות, וועלפער פאָנד, קויפן בוימער פאַרן נאַציאָנאַל פאָנד, וועלטלעכע פאָלק־שולן, ייווא און פילע אַנדערע. מיר שטיצן יידישע זשורנאַלן, רופן זיך אָפּ אויף יידישע ביכער וואָס גייען אַרויס ביי אונדז אין שטאָט, צוזאַמען מיטן קאָנסיל האָבן מיר אויפגענומען יידישע שרייבער וועלכע האָבן פאַרווײַלט ביי אונדז אין שטאָט און געקויפט זייערע ביכער, אַנטייל גענומען אין קאָ־מיטעטן אַרויסצוגעבן ביכער אאזוו.

דאָס באַווייזט אַז מיר האָבן דורכגעפירט אונדזער אויפגאַבע וואָס אַ לייען־קרייז, נאָך מיין מיינונג, שטעלט מיט זיך פאָר. אונדזערע חברות האָבן ניט נאָר אַ באַציאונג צום יידישן וואָרט, נאָר אַ פיינע, אויפריכטיקע באַציאונג איינער צום צווייטן. דאָס איז דאָס וויכטיקסטע אין אַ גרופּע פרויען וועלכע קומען זיך אָפּט צוזאַמען.

חיה ניומאַן, סעקרעטאַר

ענאַ סיגאַל, פּראָט. סעקרעטאַר

קלאַראַ סילבער, קאַסירערן

# עמאַנועל רינגעלבלום לייען־קרייז אין לאָס אַנדזשעלעס

געשיכטע איז דער קנופּ פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט און אויך פון אונדזער יידיש לעבן היינט־צו־טאָג. ווען די לייען־קרייזן פון לאָס אַנ־דזשעלעס שרייבן אַריין אין מיין בוך זייערע דערגרייכונגען, איז עס צו מיר אַ פריידיקע דערשיינונג. דעריבער וועל איך איבערגעבן די געשיכטע פון דעם רינגעלבלום לייען־קרייז וואָס האָט מיט אַ קורצער צייט צוריק געפייערט דעם 10 יאָריקן יובילײ פון זייער עקזיסטענץ.

רחל סלאָבאָדקין דערציילט מיר פון דער ערשטער מינוט ווי אַזוי דער קרייז איז אויפן נאָמען פון דעם באַוווסטן געלערנטן און גרויסן מענטשן עמאַנועל רינגעלבלום געגרינדעט געוואָרן:

מיט 11 יאָר צוריק — דערציילט רחל — זיינען קיין לאָס אַנדזשע־לעס, פון שיקאַגאָ, געקומען אַ גרופּע פרויען פון אַרום 6 אָדער 8 חברות און מיר האָבן באַשלאָסן אַז עמאַנועל רינגעלבלום זאָל ביי אונדז דאָ ווערן פאַראייביקט. דער מאַרטירער האָט אין היטלערס גיהנום פאַרלאָרן זיין לעבן, וועלן מיר דאָ שאַפן אַן ערן־געצעלט פאַר דער יידישער לי־טעראַטור און וועלן אַלע צוויי וואָכן זיך צוזאַמענקומען לייענען און די־סקוטירן דאָס יידישע בוך.

צווישן די ערשטע גרינדער, באַטאָנט רחל, זיינען געווען: יעטע גרעי, פון שיקאַגאָ גרילאַק; מרים אדערבערג, ל. דאַלינסקי, ציפּע גערטלער, לינאַ מאָסקאָוויץ און רחל סלאָבאָטקין. טאַקע אין מיין הויז איז די גרינ־דונג פאָרגעקומען. רחל איז באַשטימט געוואָרן אַרויסצושיקן אַ קאַרטל צו די מיטגלידער וועלכע ווילן זיך אַנשליסן און אויך שרייבן דעם פּראָ־טאָקאָל. דער אָנהויב איז געווען אַ גרויסער דערפאָלג.

אונדזער אַרבעט איז: לייענען און שטודירן די יידישע ליטעראַטור, ממשותדיק אַרויסהעלפן דעם יידישן שרייבער און שטיצן די „ייוואָ", די קינדער שולן, דעם פאַרלאַג י. ל. פּרץ אין תל אביב, דעם הסתדרות און פילע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס. מיר האַלטן אויס אַ קינדער־היים אין פּאַריז אויף אַראַנסאָנס נאָמען.

דער רינגעלבלום קרייז האָט זיך געגרינדעט אין 1950 און ציילן איצט אַרום 50 מיטגלידער. מיר האָבן פילע באַגאַבטע חברות וועלכע לייענען זייער שיין און רעפערירן ביכער פון צייט צו צייט פון די בעסטע

שרייבער. אויך לאַדן מיר איין געסט.

עס איז וויכטיק צו דערמאָנען פערל פעדער, איצט אָסטראָווסקי, וועלכע לייענט פאַר אונדז און טראָגט אַריין אַ געוויסן חן אין אונדזער קרייז. מיר דערמאָנען מיט ליבשאַפט חברה אדערבערג וועלכע שטייט שטענדיק אויף דער וואַך און אַרבעט אונדערמידלעך פאַרן דערפאָלג פון אונדזער קרייז.

מיר האָבן לעצטנס געפייערט אונדזערע ערשטע צען יאָר עקזי־סטענץ. די גאַנצע איינאַמע איז געגאַנגען פאַר ישראל.

דער נאָמען עמאַנועל רינגעלבלום איז אונדזער שטאָלץ און מיר גייען אין זיינע פיס־טריט.

רחל סלאָבאָדקין האָט מיר די אַלע איינצעלהייטן איבערגעגעבן וועלכע איך פאַרצייכן ערלעך.

ווען אונדזער לייען־קרייז האָט זיך געגרינדעט, האָבן חברות פאַר־געשלאָגן נעמען פון פאַרשידענע פערזענלעכקייטן פאַר דעם קרייז. צווישן די נעמען איז אויך געווען עמאַנועל רינגעלבלום׳ס נאָמען. נאָך אַ לענ־גערע דיסקוסיע האָבן אַלע אָנוועזנדע איינשטימיג גוטגעהייסן דעם נאָמען רינגעלבלום, ווייל ס׳איז דערקלערט געוואָרן אַז ער איז געווען דער העלד פון אונדזער דור.

ווען ער איז געקומען קיין וואַרשע פון גאַליציע אַלס אַ יונגער בחור, איז ער שוין געווען הויך געבילדעט און איז געווען אַן אָנפירנדער חבר פון די פועלי ציון.

ער האָט גלייך נאָך זיין אָנקומען אין וואַרשע, אָרגאַניזירט די יוגנט קלובן וווּ ער פלעגט געבן לעקציעס אום איינצופלאַנצן ליבע אין זייערע הערצער צו ארץ ישראל. ער האָט אויך געגרינדעט אָוונט-שולן פאַר דער אַרבעטנדיקער יוגנט, וווּ ער איז געווען דער הויפּט פון די לערער.

אין דער צייט פון אויפשטאַנד אין דער וואַרשעווער געטאָ, איז ער געווען דער פירער פון די אויפשטענדלער און מוטיק געגאַנגען פאַראויס קעגן אַלע געפאַרן. ער פלעגט קעמפן ביינאַכט, און בייטאָג פאַרשרייבן אַלע פאַסירונגען פון דער פאַריגער נאַכט.

ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו ראַטעווען זיך פון היטלערס

גיהנום, אָבער ער האָט זיך ענטזאָגט דערפון, ער האָט באַשלאָסן צו בלייבן ביזן סוף מיט זיינע שוועסטער און ברידער.

ווען די מערדער האָבן אים געפונען אין קעלער ווו ער האָט זיך אויסבאַהאַלטן, איז ער געזעסן און פאַרשריבן די לעצטע אַקציע פון דער לעצטער נאַכט. זיינע ווערק געפינען זיך אין דער „ייוואָ". מ'האָט אים מיט זיין פרוי און זיין 10 יאָריקן זון גלייך דערשאָסן.

מיר ווילן אַ פאַרזיצער צו יעדן צוזאַמענקונפט.

אונדזערע באַאמטע פון דעם סעזאָן זיינען ווי פאָלגט:

רחל סלאָבאָדקין, רעק. סעקר

מרים אדערבערג, פינ. סעקר.

ציפּע גערטלער, קאָרעספּ. סעקר.

---

# 20 יאָר ה. לייוויק לייען־קרייז ביים ברעג פון פּאַסיפישן ים

דער ה. לייוויק לייענקרייז איז געגרינדעט געוואָרן זומער 1941. די גרינדערס זיינען געווען:

דזשעני שאַפּיראָ ע"ה, כייקע בענק, ראָוז באַלאָט, ראָוז ספּיר, וויטיע מעריאַם, מיני האַרליק, סאָפי באַלטער און אַנאַ ברעסקין.

פאַר די לעצטע 15 יאָר זיינען מיר פאַרשטאַרקט און באַרייכערט געוואָרן מיט אַ צאָל באַגאַבטע אינטעליגענטע חברות, וועלכע מאַכן די קולטורעלע בייטאָגן אינטעראַסאַנט. אונדזערע מיטינגען ווערן רעגולער דורכגעפירט צוויי מאָל אַ חודש. צו יעדן מיטינג גרייט זיך אַ חברה צו מיט וואָס זי איז באַגאַבט. צום ביישפּיל — איבערבליק איבער אַ וויכטיקן בוך, צייט פראַגן, נייעס, דיסקוסיע. מיר לייענען פּאָעזיע, דערציילונגען פון וויכטיקע זשורנאַלן. אונדזערע מיטינגען זיינען ביז גאָר אינטערע־סאַנט און באַלערנט.

דער לייוויק לייענקרייז איז איינער פון די מוסטערהאַפטע קולטור־רעלע אָרגאַניזאַציעס. מיר פירן דורך דריי מאָל אין יאָר גרעסערע אונ-טערנעמונגען:—פאַר דער „ייוואָ", הסתדרות און קינדער רעטונגס פאָנד

אין ישראל און עס ווערט געשאַפן באַדייטנדע סומען. מיר שטיצן די קינדער שולן, מיר אַבאָנירן די זשורנאַלן: „צוקונפט, „יידישן קעמפער״, „חשבון״. מיר ביישטייערן צו דער „פרייער אַרבעטער שטימע״, צום יידישן קולטור קאָנגרעס. מיר קויפן ביכער. צו יעדן מיטינג ווערט גע־ראַפלט אַ בוך. אונדזער קרייז איז אַ מיטגליד צום ביי סיטיס יידישן קאמיוניטי קאָנסיל. דער לייענקרייז באַשטייט איצט פון צוואַנציק מיט-גלידער, כן ירבו.

אַ פאַרזיצער ווערט אויסגעקליבן צו יעדן מיטינג.

אונדזערע באַאַמטע פאַר דעם יאָר זיינען:

וויטיע מעריאם, פּראָטאָקאָל סעקר.

סאָפי באַלטער, קאַסירערין

שרה פאַגארעלסקי, קאָר. סעקר.

מיטגלידער: — חברה ר. אייבראַמסאָן, ס. באַלטער, טאַניע בערקוט, ב. בערנשטיין, א. ברעסקין, ק. גרינשפּאַן, ג. וויינשטיין, פּ. אייזען, פּ. קראַנענבערג, א. קעצין, א. לעווין, ר. לעווינסאָן, ב. מעריאם, ר. זעליגמאַן, ס. קעסלער, סאָניע טאָקער, ל. דזשוירבין, ר. פּאַלמער, מ. הארליק, פּ. פייסאָן און חברה ש. פאגארעלסקי.

---

# דער לייען־קרייז ביי די אַרבעטער רינג שולן אין ל. א.

פון אסתר אפיטייקער

מיט אַ סך יאָרן צוריק האָט אַ גרופּע פרויען געמאַכט אַ פּאַרזוך צו גרינדן אַ לייען־קרייז מיטן צוועק זיך צו פאַרטיפן אין שטודירן די יידישע ליטעראַטור. אָבער ריכטיק עטאַבלירט געוואָרן איז דער לייען־קרייז מיט אַרום צוואַנציק יאָר צוריק, ווען ישראל וועניצקע ע״ה איז דאָ געווען לערער. ער האָט געזען די פרויען אַרום דעם שול־וועזן ווי אַ גרויסע מעגלעכקייט פאַר קולטורעלע דערגרייכונגען. ער האָט אונדז פיל גע־האָלפן און פאַר אַ לייענגערע צייט האָט ער געגעבן, ביי אונדזערע שבת׳דיקע צוזאַמענקונפטן, פאַרטראַגן אין יידישער געשיכטע.

מיר האָבן געוווסט אַז ס׳איז דאָ אַ קוואַל פון וואַנען צו שעפּן יידיש וויסן, האָבן מיר אָנגעהויבן פון אונדזערע קלאַסיקער און אַזוי זיינען מיר

באַקאַנט געוואָרן מיט די בעסטע שאַפונגען פון אונדזערע גרויסע שרייבער.

אונדזערע מיטגלידער טראָגן גרויס אחריות פאַר דער קולטורעלער הויך פון אונדזער לייען-קרייז. די מיטגלידער אַליין טראָגן צו די קולטור־רעלע בייטראָגן וועלכע באַשטייען פון אַן איבערבליק איבער ביכער, וויכ־טיקע אַרטיקלען פון בעסערע זשורנאַלן אָדער טאָג־פראַגן וועלכע ווערן נאָכגעפאָלגט פון זייער אינטערעסאַנטע דיסקוסיעס.

מיר נעמען אויף יידישע שרייבער, מיר שטיצן דאָס יידיש בוך, אונדזערע קינדער שולן, „יִוואָ", „צוקונפט", און אַלץ וואָס איז וויכטיק אין יידישן קולטורעלן לעבן.

מיר פאַרמאָגן אַרום 40 מיטגלידער און פאַר דער צייט וואָס מיר עקזיסטירן, פילן מיר אַז מען איז אין יידיש וויסן פיל באַרייכערט געוואָרן. מיר זיינען אויך אָנגעשלאָסן אין קאָנסיל פון די לייען-קרייזן.

יעדן שבת, ווען מיר קומען זיך צוזאַמען בא די פיין־געדעקטע שבת'דיקע טישן בא וועלכע די באַלעבאָסטע פון הויז נעמט אַזוי וואַרים אויף דעם לייען־קרייז, פילן מיר זיך אַלע ווי איין גרויסע משפחה און ביים גיין אַ היים, פילן זיך אַלע זייער דערהויבן.

מיר דאַנקען זייער דער שרייבערין דאָראַ שולנער פאַר דעם פיי־נעם איינפאַל פון אַרויסגעבן דעם בוך „יידישע פערזענלעכקייטן" און דאָרט פאַראייביקן דעם וווּקס פון פרויען לייענקרייזן אין איצטיקער צייט.

רבקה ליווי, פראָטאָקאָל סעקר.
מערע מארא, קאַסירערין.

---

## צום י. ל. פּרץ לייען-קרייז

מייַנע טייערע חברות פון דעם י. ל. פרץ לייען-קרייז: דזשעני מאַטעל, אָר־גאַניזער; מיניע פרידמאַן, פינ. סעק.; טאַניא מינטשען, און אַלע די וועמענס נעמען זיינען מיר זייער טייער:

נעמט צו מיין האַרציקן דאַנק פאַרן שיינעם יום־טוב וואָס איר האָט פאַר מיר געמאַכט צו מיין געזונט ווערן. אויך אַ דאַנק צו דער מאַסעדע קלאָב לייען-קרייז, פון וועלכן חברה בעס האָט געבראַכט אַ שיינע מתנה, און אַ האַרציקן גרוס אויך דעם קאַדיא מאַלאַדאַווסקי לייען-קרייז, ביילקע

בלום, סעקרעטאַר; דעם ח. נ. ביאַליק לייען-קרייז, גאָלדי שטערנפעלד, סעק.; חברה העסקין פון קאָנסיל פון די לייען־קרייזן און די סעקרעטאַרין חנה אַלטשול — פון קאָנסיל; חברה סטענשיל; שרה קעסקל; די באַ־גריסער פון י. דינעזאָן לייען־קרייז; י. ל. פּרץ לייען־קרייז; חברה מאַ־טעל, זאָל זיין געבענטשט פאַר מאַכן דעם יום־טוב און מיר פאַרשאַפן אַזוי פיל פרייד; חברה לימאַן; חברה שאַפּיראָ; פּעני גובינס; נעטי קאַבירניק און פילע אַנדערע, וועלכע האָבן אַרויסגעוויזן אַזוי פיל ליבע צו מיר.

איבערהויפּט וויל איך אויסדריקן מיין דאַנק צו חברה טאניע מינ־טשען, אונטער וועמענס פאַרזיץ עס האָט זיך געפּילט אַזוי פיל געטריי־שאַפט און ליבע סיי צו מיר, ווי אויך צום י. ל. פּרץ לייען־קרייז.

מינע פרידמאַן האָט זיך איבערטראָפן מיט איר שיינעם געזאַנג „דער נגף". שרה קעסקיל איז געווען טרעפלעך אין מיין דערציילונג „צו שפּעט". חברה שטערנפעלד אין איר באַגריסונג און רעציטירן מיין ליד „פרילינג".

איך וועל לאַנג, לאַנג געדענקען דעם יום־טוב און אייך בענטשן פאַר אייערע וואַרעמע געפילן וואָס איר ווייזט צו מיר אַרויס, און די הילף וואָס דער לייען־קרייז האָט מיר געגעבן פינאַנציעל, ווי אויך די אויפמערקזאַמ־קייט אין דער צייט פון מיין קראַנקהייט.

טייערע חברות, 4 חדשים בין איך געווען ווייט פון אייך. 4 חדשים איז ניט קיין סך, אָבער ביי מיר זענען זיי געווען אַן אייביקייט. ווי איר ווייסט, בין איך געווען 6 וואָכן אין קאָנוואַלעסענט האָום. זיי האָבן מיר אָפּ־געגעבן אַ פּריוואַטן צימער. מיינע פענצטער האָבן אַרויסגעקוקט צו דאָגלאַס פּאַרק. דער ווינטער איז געווען אַ קאַלטער און אַ שווערער, אָבער דער ווייסער שניי האָט ביינאַכט געבלענדט די אויגן. מיר איז קיינמאָל ווינטער ניט געווען קאַלט און זומער איז מיר ניט געווען הייס. אַלע טאָג האָט איר געקענט באַגעגענען דאָראַ שולנער, ווי זי גייט אויף אירע שטאַרקע פיס און טוט איר אַרבעט. איך האָב אָט די דאָזיקע אַרבעט ליב. ליכטיקייט האָב איך מיט זיך אַרומגעטראָגן, געגאַנגען צו אָרגאַניזאַציעס, געלייענט, זיך געטומלט, און פּלוצלינג... ליג איך גאָר אין אַ פרעמדן צימער. די נעכט זיינען ליכטיקע, דער הימל אַן אויסגעשטערנטער, צוליבן שניי זיי־נען די נעכט ווייסע און אויך צוליב דער לבנה און הימל. קוק איך אַרויס צום ליכטיקן דרויסן, מיינע אויגן זיינען אָנגעפילט מיט טרערן. נאַכט... אַלע שלאָפן.

מיך נעמט ניט קיין שלאָף. שטיל לויפט פאַרביי מיין לעבן וואָס איז געווען אַזוי רייך און קאַליר־פול, און איך האָב עס אַזוי ליב געהאַט. און איך זאָג צו זיך אַליין — אויב דו האָסט אַזוי ליב דאָס לעבן, וועט עס דיר גאָט שיינקען. מיינע טרערן באַנעצן מיין קישן. שאַ! איך טאָר ניט וויינען.

אַזוי, מיינע טייערע, האָב איך דורכגעמאַכט די צייט מיט גוטע האָפענונגען אַז איך וועל געזונט ווערן און קומען צוריק צו אייך.

און איך בין דאַנקבאַר דעם צופאַל וואָס האָט מיך צו אייך געבראַכט, ווייל מיין האַרץ איז מיט אייך שטאַרק פאַרבונדן. פאַר דער צייט וואָס איך בין מיט אייך ניט געווען, האָב איך זיך תמיד געגרייט, און וואָס איך האָב געלייענט, זענט איר געווען די מיט וועמען איך האָב זיך געטיילט אין מיינע געדאַנקען.

און שבת דעם 17טן פעברואַר, בין איך זוכה געווען אייך צו זען. דער יום־טוב איז געווען אַ שיינער, אַ ליכטיקער, ווייל יעדן איינעם ווילט זיך לעבן. גאָט, ווי עס האָט זיך געצאַפּלט מיין האַרץ פון פרייד, און ווי גוט עס איז צו פילן דעם פולס פון לעבן . . .

איך וועל שטענדיק געדענקען, ניט ווי איך בין געווען קראַנק, נאָר ווי איך בין געוואָרן געזונט. עס וועט געוויינטלעך נאָך נעמען צייט ביז איך וועל אַרויס אינגאַנצן פון קאָשמאַר, אָבער איך בין שוין מיט אייך. דער פרילינג איז שוין באַלד דאָ און פרילינג איז אין מיין בלוט. אויף מיין געדאַנק איז ניט געקומען אַז איך וועל קענען גיין, אָבער גאָט האָט מיך צו אייך געבראַכט.

לייענט מיין בריוו מיטן זעלבן געפיל מיט וועלכן איך שרייב עס צו אייך! באַדאַנקט אַלעמען: חברה מאַטעל, מינע פרידמאַן און טאַניע מינטשען וועלכע האָבן פאַר אונדז אַלעמען באַשיינט דעם אָוונט.

איך וועל פאַרן לייען־קרייז טאָן אַלעס שריפטלעך. איך וועל אַרויס־שיקן קאַרטלאַך, מאַכן די קאַרטלאַך, געבן פובליסיטי און זיך אויך גרייטן צום שלוס מיט אַ פיינעם פאַרטראַג.

אונדזער לייען־קרייז וועט שטענדיק זיין דער מוסטער פון אַ לייען־קרייז ביים קאָנסיל, ווייל קיינער טוט ניט אַזאַ אַרבעט ווי מיר טוען.

זאָל אַלע מאָל זיין ביי אונדז יום-טוב.

מיט פיל ליבע צו אייך אַלעמען, אייער

**דאָראַ שולנער.**

# 25 יאָר דוד פּינסקי לייען־קרייז

ווי ערשט נעכטן האָט עס פּאַסירט ווען דער קינסטלער, נאָוועליסט און דראַמאַטורג דוד פּינסקי האָט מיט 25 יאָר צוריק, ביי אַ גראַנדיעזן קבלת־פּנים פון אונדזער לייען־קרייז, אינסטאַלירנדיק אונדזערע חברות, האָט פאַרענדיקט זיין גייסטרייכע רעדע כמעט מיט אַ תפילה, ניט צו פאַרשווייגן זיין נאָמען סאי מיט ביליקע ליטעראַטור און אויך דורך קיצור ימים פון דעם לייען־קרייז. שוין ניט איין לייען־קרייז אויף זיין נאָמען האָט געהאַט קורצע יאָרן.

איך האָב געענטפערט: ישראל ואורייתו חד הוא", — דאָס יידישע פאָלק און זיין קולטור איז איינס. דערפאַר די גרינדונג פון אונדזער לייען־קרייז, צו פאַרשפּרייטן וואָס מער יידיש וויסן צווישן אונדזערע חברות און אוודאי וועלן מיר היילִיק האַלטן דעם נאָמען דוד פּינסקי.

די שריפטשטעלערין אליזו שריינער האָט געוואָגט צו זאָגן: „אַ פרוי וואָס קאָן ניט רעדן אויף איר אייגענער שפּראַך, איז ניט בעקאַנט מיט איר פאָלקס ליטעראַטור און איז ניט פאַראינטערעסירט צו באַקענען אירע קינדער מיט די גייסטיקע אוצרות פון זיין פאָלק, איז פשוט אַ פּאַראַזיט".

דאָס יידישע פאָלק האָט זיך שטענדיק באַצויגן מיט יראת הכבוד ניט נאָר צום ספר, נאָר אויך צו דער עטישער פערזענלעכקייט פון דעם מחבר פון ספר; דערפאַר אונדזער דרך ארץ פאַר דעם גרויסן קינסטלער און מענטשן פריינט דוד פּינסקי.

איך ווייס ניט פון נאָך איין יידישן שריפטשטעלער, וועלכער זאָל מיט אַזוי פיל ליבע שילדערן די אונטערדריקטע און די ליידנדע, און גאָר אויף אַ הויכן ניוואָ שילדערט ער די „יידישע פרוי". אין זיין בוך „משיחים" שטייט די פרוי פּאַראַלעל צום מאַן, גרייט אויף קידוש השם פאַר איר פאָלק און לאַנד. גרייט אויף מסירת נפש פאַר אירע סאָציאַלע און נאַציאָנאַלע איבערצייגונגען.

דוד פּינסקיס קרוין ווערק „ברוריה" איז באמת איין אָדע פאַר דער יידישער פרוי.

25 יאָר טראָגן מיר מיט כבוד דעם שיינעם נאָמען „דוד פּינסקי". מיר ווינטשן דעם לייען־קרייז וואָס טראָגט דעם נאָמען „דוד פּינסקי", נאָך אַ סך יאָרן פון ליטעראַרישער טעטיקייט — צו פאַרשפּרייטן נאָך מער ליכט און יידישן באַוווסטזיין צווישן אונדזערע רעדנדיקע חברות.

סימא גאָלדבערג, סעקר.

# חיים גאָלדבלום לייען־קרייז

שוין 30 יאָר אַז מיר טראָגן דעם נאָמען מיט ווירדע און אָנערקע־נונג. ניט איין מאָל האָבן מענטשן אונדז געפרעגט: — ווי קומט עס וואָס איר רופט זיך אויף דעם נאָמען פון גאָלדבלום און ניט אויף אַ נאָמען פון אַ העברייאישן אָדער יידישן שרייבער?

דעם אמת געזאָגט, האָבן מיר אַ צייט לאַנג זיך גערופן: „דער לייען־קרייז אַרום דעם יידישן קולטור־קלוב". מיט 30 יאָר צוריק איז דער קרייז געגרינדעט געוואָרן פון די פרויען מיטגלידער פון דעם ל. א. קולטור־קלוב. אייב גאָלדבלום, אַ יידישער לערער, איז דאַן געווען דער סעקרעטאַר און אויך דער לייברעריען פון דעם קלוב. דאָס יידישע וואָרט און דער יידישער בוך איז ביי אים געווען זייער טייער און אָפּגעהיט. מיר, די מיט־גלידער פון קלוב, האָבן זיך ממש משפּחהדיק פאַרבונדן מיט אים.

דורך אַ שטאַרקער פאַרקילונג איז גאָלדבלום פּלוצלונג געשטאָרבן. ס'איז געווען פאַר אונדז אַליין אַ שטאַרקער קלאַפּ און אַ גרויסער פאַר־לוסט. אום דער נאָמען זאָל ניט פאַרגעסן ווערן, האָבן מיר באַשלאָסן צו רופן דעם לייען־קרייז אויף זיין נאָמען, חיים גאָלדבלום.

פאַר די אַלע יאָרן האָבן מיר געטאָן גוטע אַרבעט אויף דעם קול־טורעלן און געזעלשאַפטלעכן געביט. מיר האָבן געליינט פיל צענדליקע ביכער פון אונדזערע יידישע שרייבער, קלאַסיקער און קינסטלער.

די ערשטע יאָרן פלעגן מיר אויפנעמען די שאַפונגען פון אַ שרייבער ווי, צום ביישפּיל, דוד פּינסקי, געליינט זיינע שריפטן, נאָכדעם, ביי אַ גרעסערער אונטערנעמונג, האָט אַן אייגענע חברה אָדער אַן איינגעלאַדע־נער גאַסט פלעגט רעדן איבער דעם שרייבער און זיינע ווערק.

מיר האָבן זיך באַקענט מיט דער גרעסטער טייל פון אונדזערע שרייבער און זייערע שאַפונגען. מיר האָבן זיך אויך באַקענט מיט די קריטיקער פון דער יידישער ליטעראַטור ווי אַזוי אויפצונעמען אַ בוך.

מיר האָבן זייער באַגאַבטע חברות, יעדע איינע טראָגט עפּעס צו צו דער גייסטיקער אַרבעט, יעדע לויט אירע גייסטיקע פעיאיקייטן אויף אַן אייגנאַרטיקן אופן.

פאַר די יאָרן פון אונדזער עקזיסטענץ האָט זיך צווישן די מיטגלי־דער געשאַפן אַ משפּחהדיקע פריינטשאַפט, אַ שיינע היימלעכע באַציונג פון איינער צום צווייטן.

געקומען צום לייען־קרייז זיינען מיר פון פֿאַרשידענע ריכטונגען, ניט פון אוניווערסיטעט, נאָר פון שאַפּ, פעקטאָרי, געשעפט און פון קיך. דורך די יאָרן זיינען מיר געוואָרן ליטעראַריש באַוווסטזיניק און גייסטיק זעלבסטשטענדיק.

מיר האָבן אויפגענומען פילע געסט־שרייבער ווי: ה. לייוויק, ה. רויזענבלאַט, דוד פערסקי, פרץ הירשביין, דר. חיים זשיטלאָווסקי און פילע אַנדערע. מיר פלעגן צו די לעקציעס ברייגנען אַ גרויסן עולם. מיר האָבן אויך געקויפט אַ באַדייטנדע צאָל ביכער און זיי געראַפּלט צווישן די מיט־גלידער אַזוי, אַז דאָס יידישע בוך איז פֿאַרשפּרייט געוואָרן. מיר האָבן גע־האָלפן דאָס אַרויסגעבן פון ביכער ווען דאָס איז נויטיק געווען.

מיר קומען זיך צוזאַמען אַלע וואָך אין אַן אַנדער הויז בא אַ שיינעם געדעקטן טיש, נאָכדעם פאַרברייגנען מיר אַ גייסטיקן בייטאָג. אַ חברה לייענט פאַר אַן אַרטיקל, אַן עסעי אָדער מ׳רעדט וועגן אַ בוך אָדער מען לייענט אַ יידיש ליד. די לעצטע פאַר יאָר קומען מיר זיך צוזאַמען צוויי מאָל אַ חודש, ווייל מיר באַלאַנגען אין נאָך אָרגאַניזאַציעס און מ׳דאַרף די צייט צעטיילן. מיר נעמען אַנטייל אין אייניקע געלט־אַקציעס דאָ אין שטאָט, מערסטנס פאַר ישראל. מיר זיינען מיטגלידער פון „ייוואָ" און קאָנסיל פון די לייען־קרייזן. מיר קויפן ביכער ביים קאָנסיל און שטיצן די יידישע זשורנאַלן ווי: „די צוקונפט", „די גאָלדענע קייט", „די פרייע אַרבעטער שטימע" און יידישן אַרבעטער קאָמיטעט.

פון די גרינדער וואָס שטייען ביז היינט ביי דער אַרבעט פאַר די אַלע 30 יאָר זיינען ווי פאָלגט: גאָסי אייעראָוו, שרה יאַפע, קלארא רייף און חייקעביינק. מיר זיינען יעצט אַ גרופע פון 30 מיטגלידער.

די ערשטע סעקרעטאַריך איז געווען קלארא רייף פאַר דריי יאָר. די צווייטע איז געווען חייקע ביינק, סעק. די אַלע יאָרן. סאָפי סאַרייסקע איז געווען אייניקע יאָר קאָרעספּאָנדינג סעקר. איצט איז דאָרא לעווין קאָר. סעקרעטאַר. ביילקע שאַפּירא איז שוין פאַר די לעצטע 25 יאָר פינ. סעקר. מיר ווינטשן און האָפן אַז מיר זאָלן נאָך פאַר אַ סך יאָרן טאָן די זייער וויכטיקע אַרבעט.

חייקע באַנק, קאָר. סעקר.

# וועגן די איקוף לייען-קרייזן

(אַ ביסל געשיכטע און אַ באַריכט פון לאָס-אַנדזשעלעסער לייען-קרייז)

### פון מיימי יאַשאן

פאָרזיצער פון קאָנסיל פון די לייען-קרייזן באַם איקוף אין ל.א.

עס איז שוין לאַנג צייט, מיר זאָלן רעדן מער וועגן אונדזערע אויפ-טוען און דערגרייכונגען אין די איקוף-לייען-קרייזן, אַרויסרוקן די פּראָבלעמען, וואָס שטייען פאַר אונדז, און פּרובירן לערנען פון אונדזערע דער-פאַרונגען.

די ערשטע לייען-קרייזן האָבן זיך געגרינדעט אַרום 30 יאָר צוריק אין שיקאַגע, דעטראָיט און אין טאָראָנטאָ (קאַנאַדע) אָן ספּעציעלע צו-גרייטונגען. די יידישע פרוי, וואָס איז געקומען פון אייראָפּע, האָט זיך געפילט פרעמד אין דער נייער אומגעבונג. מ׳האָט, קודם-כל, גענומען לייענען די יידישע שרייבער אין די ניי-געגרינדעטע קרייזן. מ׳האָט גע-לייענט די קלאַסיקער, דיסקוטירט דאָס געלייענטע. דאָס לעבן, וואָס זיי האָבן פאַר אונדז געשילדערט, איז געווען נאָענט און פאַרשטענדלעך.

דאָס לייענען און פאָרלייענען האָט אַנטוויקלט ליבע צו אונדזער שפּראַך און צו אונדזער רייכער ליטעראַטור, צו אונדזער געשיכטע און קולטור-ירושה.

עס האָבן זיך גענומען שאַפן לייען-קרייזן איבערן לאַנד, אין גרע-סערע און קלענערע שטעט. מיר האָבן אויך אָנגעהויבן זיך באַטייליקן אינעם יידישן קולטור-לעבן אין לאַנד. ווען עס האָבן זיך געגרינדעט קינ-דער-שולן, האָבן מיר געהאָלפן צו בויען און אויפהאַלטן די שולן, כדי אונדזערע קינדער זאָלן ניט פאַרפרעמדט ווערן פון אונדז.

אַמעריקע איז געוואָרן אַ שמעלץ-טאָפּ פאַר די מינאָריטעטן, ס׳האָט גענומען הערשן די אַנגלאָ-זאַקסישע קולטור. די נייע דורות וואָס זיינען געבוירן געוואָרן אין אַמעריקע, זיינען פאַרפרעמדט געוואָרן פון זייערע נאַציאָנאַלע קולטורן.

אויך ביי דער יידישער יוגנט האָט זיך געשאַפן אַ תהום צווישן על-טערן און קינדער, אָבער די אַסימילאַציע וואָס האָט פאַרכאַפּט אונדזער לעבן, האָט זיי ניט באַפרידיקט. אַסימילירט זיינען זיי געוואָרן מיט דער

שפּראַך, אָבער ניט מיט דעם לעבן אַרום. זיי האָבן נאָך אַלץ געמוזט לעבן אין דער אייגענער סביבה, אמת, ווי פרעמדע. אונדזער יוגנט האָט אָפּט געזוכט אינהאַלט און אַנהאַלט, דערפאַר איז געווען אַזוי וויכטיק צו בויען יידישע שולן פאַר אונדזערע קינדער. אויב אַפילו די שולן האָבן ניט געשלאָגן קיין טיפע וואָרצלען אין אונדזער לעבן און די קינדער האָבן נישט געקראָגן קיין גרינטלעכן וויסן פון אונדזער שפּראַך און קולטור, האָט עס אָבער זיי ניט אָפּגעפרעמדט פון די עלטערן, און אַ גרויסער טייל איז אויסגעוואַקסן ווי שטאָלצע פּראָגרעסיווע יידן, און היינט צו טאָג שיקן זיי זייערע קינדער אין אונדזערע שולן און באַטייליקן זיך אַליין אין דער פאַרוואַלטונג פון די שולן.

ווען עס האָט זיך געגרינדעט דער איקוף אין פּאַריז, האָבן זיך די לייען־קרייזן אָנגעשלאָסן אין איקוף און מיט דער צייט געוואָרן זיין הויפּט־שטיצע. אַדאַנק דעם איקוף זיינען געגרינדעט געוואָרן נייע לייען־קרייזן. ווען עס איז גערופן געוואָרן די ערשטע קאָנפערענץ פון איקוף אין ניו־יאָרק נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אין 1947, און נאָך אונדזער גרויסן חורבן, זיינען צו דער קאָנפערענץ געקומען דעלעגאַטן פון 100 לייען־קרייזן פון איבערן לאַנד.

אונדזער אומפאַרגעסלעכער זישע וויינפּער, וועלכער האָט גענומען אויף זיך די שווערע מיסיע אַרומצופאָרן איבערן לאַנד צו בויען דעם איקוף, האָט גלייכצייטיק אויך געהאָלפן בויען די לייען־קרייזן מיט זיין באַגייסטערונג, מיט זיין ליבע צום פאָלק און זיין קולטור, פאַר וועלכער ער האָט געווידמעט און אַוועקגעגעבן זיין לעבן. אים איז שטאַרק געפעלן געווען דער אויפטו פון די פרויען וואָס האָבן אַליין געפונען אַ וועג צו זעלבסט־אַנטוויקלונג און וואָס זיינען געוואָרן די הויפּט־פאַרשפּרייטער פון יידישער קולטור אין לאַנד.

בעת זייך באַזוך אין אַרגענטינע, האָט ז. וויינפּער באַגייסטערט די דאָרטיקע חברטעס, וואָס האָבן זיך דאָרטן גלייך גענומען שאַפן לייען־קרייזן. היינט־צו טאָג האָבן זיי אַרום 50 קרייזן וועלכע שפּילן אַ וויכטיקע ראָלע אין יידישן פּראָגרעסיוון לעבן דאָרט אין לאַנד.

אין די שטאַטן האָבן מיר צו פאַרצייכענען גרויסע אויפטוען. אין צייט פון דער מלחמה האָבן מיר פיל געטאָן פאַרן „ראַשיען וואָר רעליף" און געשטאַרקט די טוער וועלכע האָבן פאַרלוירן דעם מוט מיט אונדזער

לייענען און ברענגען די טרייסט און האָפענונג.

נאָך דער היסטאָרישער קאָנפערענץ פון איקוף, האָבן מיר געגרינ־דעט אין ניו־יאָרק אַ צענטראַלע, וואָס זאָל אויסאַרבעטן פּלענער צו גרינדן נייע קרייזן און אויסאַרבעטן וועגן און צילן פאַר אונדזערע קולטור־אַק־טיוויטעטן.

אָבער צוליב דעם וואָס ניו־יאָרק האָט נאָך דאַן ניט געהאַט קיין גרויסע צאָל לייען־קרייזן, און ניט געהאַט קיין דערפאַרונג, האָט זיך דער צענטראַלע ניט איינגעגעבן צו ווערן דער פירנדיקער צענטער אין וועלכן מיר האָבן זיך אַזוי געגויטיקט.

אויף דער איניציאַטיווע פון שיקאַגער לייען־קרייזן האָבן מיר גע־רופן אַ קאָנפערענץ פון די לייען־קרייזן. די קאָנפערענץ האָט אונדז גע־געבן אַ סך פּרעסטיזש און דערהויבונג. ענדלעך האָט מען אָנגעהויבן אָנער־קענען די וויכטיקייט פון אונדזער בייטראַג פאַר דער יידישער קולטור אין אַמעריקע. מיר האָבן דאַן אָנגענומען פאַרשיידענע רעזאָלוציעס צו שטאַרקן די לייען־קרייזן און העלפן גרינדן נייע קרייזן.

עס שטייען פאַר אונדז וויכטיקע פּראָבלעמען, וואָס מיר דאַרפן פאַרהאַנדלען. קודם כל — וואָס זיינען די דערגרייכונגען, וואָס זיינען די בלויזן. לאָמיר וויסן, וויפל קרייזן זיינען דאָ איצט איבערן לאַנד און ווי צו גרינדן נייע. איז דאָ אַ וועג צוצוקומען צו די אַמעריקאַנער־געבוירענע, פאַראינטערעסירן זיי מיט דער יידישער ליטעראַטור און קולטור בכלל?

---

איך וויל דאָ געבן אַ קורצן באַריכט פון לאָס־אַנדזשעלעסער לייען־קרייזן, כדי אונדזערע שטעט זאָלן זען וואָס מיר טוען. זאָלן זיי טיילן זיך מיט זייערע דערפאַרונגען.

די לייען־קרייזן אין ל. א., וועלכע האָבן זיך געצײלט אַרום 10 אין 1948, זיינען איצט אויסגעוואַקסן צו 18 קרייזן. מיר האָבן דורכגע־פירט אַ אינטערעסאַנטן בוך־חודש דעם יאָר. עס איז געווען אָפּגעגעבן אַ גאַנצער טאָג פאַר דעם, ווו אַ פרוי פון יעדן קרייז האָט אין 10 אָדער 15 מינוט אַרויסגעבראַכט די באַדייטונג פון דעם שרייבער, וואָס דער לייען־קרייז טראָגט זיין נאָמען. ח׳טע דעגלין האָט געגעבן אַ איינלייטונג „די באַדייטונג פון בוך־חודש ביי אונדזער פאָלק״, און די פרויען פון די קרייזן האָבן געגעבן אָפּשאַצונגען וועגן דעם שרייבער וואָס דער קרייז טראָגט זיין נאָמען.

אונדזערע לייען־קרייזן באַשטייען בעיקר פון פרויען־מיטגלידער. מיר האָבן לעצטנס קרייזן וואָס פאַרזאַמלען זיך אין אָוונטן, זיי באַשטייען פון מענער און פרויען. דאָס איז זייער אַ וויכטיקער אויפטו. עס קומען פאַר פיינע קולטור־אָוונטן וואָס ציען צו אַלץ מער מענטשן.

די אַלע אַקטיוויטעטן און דאָס געלט־שאַפן ווערן אַדורכגעפירט דורך די קרייזן אויף אַ קולטורעלן אופן. ביי יעדער אונטערנעמונג, לאָנטשעאָן, ווערט דורכגעפירט אַ לעקציע, אַ בוך־איבערבליק, אַ סימפּאָזיום, ליטע־ראַרישע פאָרלייענען און מוזיק, וואָס באַרייכערט אונדזער לעבן.

מיר נעמען אויף שרייבער. דאָס דערשיינען פון אַ נײַ בוך איז ביי אונדז אַ יום־טוב. און מיר פאַרשפּרייטן דאָס יידישע בוך אין די יידישע היימען.

און איצט — אונדזער באַטייליקונג אין איקוף.

די לייען־קרייזן אין ל. א. זיינען די הויפּט־שטיצער פון איקוף, די אָפּנעמער פון דעם זשורנאַל „יידישע קולטור” מיט די ביכער וואָס דער איקוף־פאַרלאַג גיט אַרויס. בעת דעם איקוף־חודש, האָבן די לייען־קרייזן צום קבלת פּנים פון שליח ח׳ ז. וויינפּער, צוגעטראָגן 100 דאָלאַר פון אַ קרייז. אינעם איקוף־חודש פלעגט ז. וויינפּער האַלטן לעקציעס ביי די קרייזן, ווו מיר פלעגן באַנייען אונדזערע אַבאָנאָמענטן, שאַפן נייע און אויך ערן־אַבאָנענטן. ווען ז. וויינפּער איז פון אונדז אַוועק אין דער אייביקייט, האָבן די קרייזן אין טיפן צער אָנגענומען אַ באַשלוס צו פאַר־גרעסערן אונדזער בייטראַג צום איקוף. אָנשטאָט 100 דאָלאַר אַ יאָר, זאָלן די גרעסערע קרייזן צוטראָגן 200 ד. און מער. דאָס פאַרגרינגערט די מיסיע פונעם איצטיקן איקוף־שליח נחמן מייזיל.

מיט דער אַרבעט צוגרייטן די לעקציעס, האָט אָנגעפירט ח׳טע בעסי ראָטבלאַט, עקז. סעק. פון קאָנסיל פון די לייען־קרייזן. היינטיקן יאָר איז ב. ראָטבלאַט אַוועקגעפאָרן אין איראָפּע און ישראל. און די אַרבעט האָט איבערגענומען עלקע וואָלינסקי, די פּראָטאָקאָל סעק. פון איקוף. עס איז אַ וויכטיקע פאַראַנטוואָרטלעכע אַרבעט און עס קומט זיי ביידן אַ יישר־כוח דערפאַר. צוליב דעם וואָס היינטיקן יאָר זיינען געשאַפן געוואָרן נאָך צוויי לייען־קרייזן: „ש. מיכאָעלס”, אָרגאַניזירט פון ב. סע־

קולער און אַנדערע, און „דבורה טאַראַנט״, אָרג. פון מ. סמאָלער, איז די צאָל קרייזן געוואָרן 18. מיר האָפן צו איבערשטייגן אונדזער מאַטעריעלע הילף אַ סך מער ווי פאַראַיאָרן. די אַכט טויזנט דאָלאַר וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן דאָס יאָר זיינען דער גרעסטער טייל געשאַפן דורך די לייען־קרייזן.

דאָס איז אין קורצן דער באַריכט פון אונדזערע אַקטיוויטעטן.

---

## די לייען־קרייזן פון קאָונסיל ביים איקוף

נחמן מייזיל
דוד בערגעלסאָן
הירש גליק
י. א. ראָנטש
קלמן מרמר
י. ל. פרץ
ל. שאַפּיראָ
דר. חיים זשיטלאָווסקי
דוד עדעלשטאַט
ר. ברייינין — מ. מ. ספרים
כאַווער־פּאַוועך
ז. וויינפּער
דבורה טאַראַנט
שלמה מיכאָעלס
ש. גאָדינער
שלום עליכם
אברהם ביק
איציק פעפער

שפרה ווייס

געווידמעט צו ראָוז וועגעטיק

(3 לידער)

# לייען־קרייזן

1

מיר קלייבן זיך צוזאַמען
צום מנין,
צו אַכצן און מער;
מיר בויען אַ בנין
פון אונדזער קולטור.
פון טרערן און פּיין
זאָל ניט זיין מען קיין שפּור.

די פּערל פון פריערדיקע דורות,
פון אַלטע ספרים;
מיר קלייבן די פּירות
ווען מיר באַגעגענען זיך,
וועבן מיר די געדאַנקען,
מיר זיינען די שליסלען
פון ביכער־שראַנקען.

מיר שטודירן
ווי דאָס לעבן ווייטער צו פירן,
מיט קינסטלער און שאַפער
ווערן מיר משפחה, שפּירן
טעם גן־עדן
ווען מיר דיסקוסירן.

אמת זאָל ווערן אונדזער חלום,
דורך שאַפן און איבערשאַפן
זאָל ווערן אויף דער וועלט
גליק, יושר און שלום.

2

## צו דער וועלט

מיינע לידער פון מאַמעס און זין
צו דער וועלט,
פאַר וועמען דער ליכטיקער מאָרגן
איז נאָך ניט פאַרשטעלט.

פאַר וועמען דער היינט
איז אַ צעאַקערט פעלד
פון נעכטנס קוועלנדיקן ברונים.
טרייסט ווערטער,

שורעס געפונען,
ווי זון אויפגאַנג אין באַגינען,
באַהעלן, באַווייסן,
אַז די בלייענע, פולוועניע חייעס
וועלן די זון ניט צערייסן.

שטערן וועלן בלייבן שטערן,
מענטש, אויף צעבלוטיקטער ערד,
זאָלסט מיין ליד, מיין האַרץ דערהערן:
ווי מיר ווערן היינט געפייניקט
און געקוועלט.
מאַך איך אַלץ נאָך ברכה
צו דער קומענדיקער באַפרייטער וועלט.

# די דיכטערין צילי̈ע גערסט מעקנין

צילע מעקנען איז אַן אָריגינעלע דיכטערין סיי אין איר שאַפן ווי אויך אין איר פּערזענלעכן לעבן. זי איז בכלל אַנדערש דערפֿאַר וואָס אירע לידער זיינען צו איר זייער הייליק. די דאָזיקע הייליקייט וויל זי ניט פֿאַרשוועכן דורך אַרויסצוגעבן אין בוך־פֿאָרם. ליגן זיי אָנגעשריבענע, ציכטיקע, ליכטיקע לידער.

ווען מען לייענט די לידער, האָבן זיי חן פּונקט ווי אַ קינד וואָס איז געראָטן אין דער שיינער מאַמע, וואָס סיי די מאַמע ווי אויך דאָס קינד ווייסן ווי אָפּצושאַצן און ניט פֿאַרוווערטערן זייערע געפֿילן וואָס ריזלען ווי אַ קוואַל און דערקוויקן אונדזער האַרץ.

צילע האָט מיך פֿאַרבעטן צו זיך אויף אַ טאָג צום ים. דער גאַנצער אַרום איז לויטער פּאָעזיע, און ווען מיר האָבן זיך גוט פֿאַרווײַלט, האָט מיך צילע שטיל געזאָגט: „דאָראַ, אויב דו ווילסט וועל איך פֿאַר דיר לייענען אַ פּאָר לידער פֿון מיין מאַנוסקריפּט".

מיט דאַנק צו צילען קען איך זאָגן : — געבענטשט זאָלסטו זיין פֿאַר דיינע וווּנדערלעכע לידער וואָס דערפֿרישן מיט זייער קלאַנג. ניט אומזיסט האָט סאָלאָמאָן גאָלאַב אַריינגענומען אירע לידער אין זיין אַלבאָם און געשאַפֿן צו זיי מוזיק און זיי ווערן געזונגען פֿון פֿיל חזנים און פֿיינע זינגער.

אַלס דיכטערין איז צילע אַ פּערזענלעכקייט. זי האָט געענדיקט דעם סט. פּאָול אינסטיטוט אָף סייקאָלאָדזשי. זי פּראַקטיצירט און איז דערפֿאָלגרייך דערמיט וואָס זי האָט אַ נאָכפֿאָלגערשאַפֿט און אירע פֿריינט זיינען גרויס אין צאָל.

מיין צושטייער איז אַרויסצוברענגען עטלעכע פֿון דער דיכטערינס לידער. זיי בעטן זיך ממש אַז ליבהאָבער פֿון יידישן ליד זאָלן זיי לייענען.

## צעבראָכן

ווער האָט צעבראָכן
די פֿליגעלאך דיינע?
ווער האָט דערשטיקט היינט
די טרילן די פיינע?

דיין זינגען, דיין טרילן,
ווי סאַמעט געגלעט,
עס האָט אין מיין ווייטיק,
צום האַרצן גערעדט.

## אַ צופֿאַל

עס האָט אַ צופֿאַל ליב באַגליקט מיר
אין דעם גאַנג פֿון לעבנס־טעג.
עס האָט דערפֿרישט מיר מיינע יאָרן,
ווי רעגן אויף אַ זאַמדיק וועג.

עס האָבן בלומען אויפֿגעלויכטן,
רעגנ־בויגנס איבער מיר.
איך האָב עס אַלעם איינגעזויגן
און געשטילט מיין דורשט אָן שיער.

בלייבט דער אָנפֿאַנג אין דער וייטקייט,
אין זיין פֿאַרבנרייכן גאַנג —
בליצט אַן אָפּשיין זיך פֿאַנאַנדער
און באַשטראַלט מיין פֿרייד־פֿאַרלאַנג.

## וואָלקן־נעכט

מיין לעבן איז ווי וואָלקן־נעכט —
אין גרויקייט טיף פאַרטרונקען.
מיין לעבן איז אַ קאַמפּס־געפּעכט —
איןליידן טיף פאַרזונקען.

און שטורמט אויף מיין האַרץ אַמאָל
מיט ברויזיקע געפילן,
דאַן קעמפן ליידן אָן אַ צאָל,
עס קעמפט דאָס האַרץ און ווילן.

אָ, זאָגט צו מיר מיין האַרץ — האַלט אָפּ!
צוים איין דיין האַרץ און זינען —
און פאַר גערענגל מיטן קאָפּ,
וועסטו אַ טרייסט געפינען . . .

כ׳וואָלט דאָס אַלץ אַליין פאַרשטיין,
ווען דו וואָלסט פרי געקומען;
נאָר היינט — צו שפּעט, עס מוז פאַרגיין
דער נעכטן — טויטע בלומען.

## אָן ווערטער

דאָס ליד אָן ווערטער
דערפילט מען אומעטום.
דאָס ליד אָן ווערטער —
איז רירנד און פרום.

דאָס ליד אָן ווערטער
זאָגט מער ווי וואָרט.

דאָס ליד אָן ווערטער
האָט אין האַרצן איר אָרט.

סיי אין איר קלאַנג,
סיי אין איר טאַט,
רעגט עס דאָרט
צום זינגען אָן.

## טאַנץ ניט נאָך

טאַנצט ניט ווי צום טאַנצן
מיט יעדן אַ פּאָר.
זאָל עס דיר ניט אַרן,
ניט אַרן אויף אַ האָר . . .

פילסט ניט צום זינגען
מיט יענעם סתם אַ ליד —
ברום זיך אויף דיין ניגון,
זינגען מאַכט ניט מיד.

ליכט צינד אָן צום לייכטן
אין דיין צימער היינט,
בלייבסט ניט עלנד —
דיין ליד קאָן זיין דיין פריינט.



# חיים שאַפּירא

זיין בייטראַג צום יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין לאָס אַנגעלעס

חיים שאַפּירא איז אַ פּראָמינענטער אַדוואָקאַט אין לאָס אַנגעלעס. מיט העכער 40 יאָר צוריק איז דאָ די אימיגראַנטן־באַוועגונג געווען אַ זעלטענע דערשיינונג. עס איז נאָך דאָ קיין יידיש לעבן ניט געווען. מענטשן פון דער איסט זיינען געפאָרן אַהער צוליב זייער געזונט. די „שטאָט פון די מלאכים" האָט אויסגעזען ווי אַ גרויס דאָרף; צעוואָרפענע שטיבלעך האָבן זיך געליכטיקט אין בויל־הייטס און וווּ ניט ווו האָט מען באַגעגנט אַ קראַנקן יידן וואָס האָט זיין געזונט דאָ געוואָלט צורעכטמאַכן און זיך דאָ באַזעצן.

אָט אין יענער צייט איז אַראָפּגעקומען חיים שאַפּירא מיט זיין פאַמיליע און דאָ אָנגעהויבן בויען זיין לעבן און צו דער זעלבער צייט איז ער געוואָרן דער בויער פון דעם יידישן לעבן אין לאָס אַנגעלעס, בעסער געזאָגט, די יידישע געזעלשאַפט וואָס האָט געדאַרפט ווערן געזונט.

דעריבער האָט חיים שאַפּירא זיך באַלד גענומען צענויפשטעלן אַ קאָמיטעט און אָנגעהויבן בויען דעם אַמאָליקן סאַניטאַריום פאַר שווינדזיכטיקע מענטשן.

עס ווערט וואַרעם אויף דער נשמה צו זען זיין פריידיקן שמייכל. פריינט שאַפּירא שילדערט יענע צייט ווען די „שטאָט פון האָפענונג" האָט אויסגעזען ווי אַ שטיבל וווּ מען דאַרף געבן צו די קראַנקע די „ערשטע הילף" און צו די וועלכע קומען אָרעם אומבאַהאָלפן און מען מוז זיי ראַטעווען.

אין יענע יאָרן איז אַלץ געווען שווער. אָבער מיט גרויס עקשנות און מיט גוטן ווילן איז פון די ערשטע בויער געווען חיים שאַפּירא.

מיך האָט גערעגט זיך צו באַקענען מיטן אַדוואָקאַט, וועלכער איז אגב זייער אַ פאַרנומענער מענטש. אָבער דאָרט ווו עס איז דאָ דער ווילן, איז דאָ דער וועג.

אַזוי אַרום האָב איך אָנגעקלונגען צום פּראָמינענטן אַדוואָקאַט. און ווי עס פירט זיך, ענטפערט מיר די סעקרעטאַרן, אַז איך מוז מאַכן אַן „אַפּאַינטמענט" און זי הייסט מיר קומען מאָרגן צוויי אַזייגער.

צו דער באַשטימטער צייט געפינ איך זיך אין אַ פיינעם קאַבינעט וואָס דערמאָנט דעם רוסישן סטיל.

חיים שאַפּיראָ האָט מיך געפרעגט מיין נאָמען, זיך העפלעך געהאַלטן, מיך געבעטן זיצן. זיין שרייבטיש איז פול מיט פּאַפּירן וואָס דאַרפן פון אים ווערן איבערגעקוקט, אָבער חיים שאַפּיראָ גיט מיר זיין צייט מיט דער פולער מאָס. ער ווייסט ניט אַז איך וועל וועגן אים שרייבן. זיין יידיש איז מיטן „רייש”, אַ רוסישער דיאַלעקט. ער קומט פון כאַרקאָוו און מאַכט אַ גוטן איינדרוק פון דער ערשטער באַקאַנטשאַפט.

ווי אין די אַמאָליקע צייטן אין רוסלאַנד, איז דער פאָטער געווען דער פּאַטריאַרך. אַ זון אַ דאָקטאָר אָדער אַדוואָקאַט, האָט זיין פאָטערס בילד הייליק געהאַלטן אין זיין קאַבינעט. איך אַליין האָב געהאַט אַ ברו־דער אַן אַדוואָקאַט און אויך מיין פאָטערס בילד איז ביי מיין ברודער אין קאַבינעט געווען אויפן וואַנט און אויך מיין גאָטזעליקער ברודער האָט זיך געגרויסט מיטן פאָטער.

דאָס זעלבע האָט מיך גערירט ווען איך האָב דערזען דאָס וואונדער־לעך בילד פון חיים שאַפּיראָ׳ס פאָטער, דורך און דורך אַ ריסטאָקראַט. דער זון וויל זיין ווי זיין פאָטער, אַ זעלטענער פּאַטריאַרך.

זייער וואוינשטאָט איז געווען כאַרקאָוו, אָבער דאָ אין אַמעריקע מוז מען זיין ווי מען איז דאָ און ניט אין כאַרקאָוו.

קוקט אַרונטער דער זעלטענער פאָטער אויפן גאַסט וואָס שטערט זיין געליבטן זון. ער קוקט מיט זיינע קלוגע אויגן. זיין בליק זאָגט, אַז מען דאַרף זוכה זיין צו האָבן אַזאַ זון וואָס זאָל זיך אַזוי גרויסן מיטן פאָטער. זיין שומייכל פיל איך, אַ לעבעדיקער, קלוגער פאָטער, וואָס זיינע קינדער זיינען געגאַנגען אין זיינע דרכים.

איך בין פאַרגאַפט פון דער אומגעבונג און זאָג שטיל אַז איצט פיל איך כאַרקאָוו און ניט לאָסאַנגעלעס, און דאַנק פאַר דעם פאַרגעניגן זיך צו באַקענען מיטן זון וואָס איז אַחוץ אַן אַדוואָקאַט אויך דער בויער פון דער „שטאָט פון האָפענונג” און אויך פון אַנדערע אינסטיטוציעס וועלכע ווערן געבויט מיט דער פולער טעמפּאָ.

דער יידישער ישוב איז אַרום העכער הונדערט יאָר אַלט, און מיר איז אָנגענעם צו הערן מער פון חיים שאַפּיראָ און מיך פרייט זיך טיילן מיטן לייענער מיינע איינדריקע.

מיר זעצן זיך צו אַביסל שמועסן. אין דעם שמועס זאָגט צו מיר פריינט שאַפּיראָ: — געדענקט דאָרט אַז מיין גאַנץ לעבן האָב איך געדינט די גערעכטיקייט און זיך קאָנצענטרירט אויף דעם יידישן ישוב. איך בין געווען פון די ערשטע איינוואַנדערער וועלכע האָבן זיך באַלד גענומען אַקערן און זייען. דאָס ניט געאַקערטע פעלד האָט מען געדאַרפט באַאַר־בעטן, דעם סאַניטאַריום בויען. אַליין פלעגט חיים שאַפּיראָ קלאַפּן אין די טירן און שאַפן פאַנדן פאַרן אַנשטאַלט וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ קליינעם שפּיטאָל, מיט אייגענע הענט געבויט. „אַך, ווי שווער עס איז געווען", אָבער איצט? יאָ, איצט איז עס די „שטאָט פון האָפענונג" אויף די שטאָט ווייסט ווי אָפּצושאַצן איר פּירער. דעמאָלט זיינען געווען גע־ציילטע מענטשן, אָבער איצט, נעמט דאָס ל אַ נ ד אַ גרויסן אַנטייל. מען היילט דאָרט, אַחוץ „טי־בי" אויך קענסער און אַנדערע קראַנקהייטן. עס איז אַ וואונדערלעכע שטאָט פון האָפענונג" און דער נאָמען פון דעם הייל־אַנשטאַלט איז ווייט באַרימט איבערן לאַנד און אויך אין אַנדערע לענדער.

חיים שאַפּיראָ איז געווען פון די ערשטע פּרעזידענטן פון דעם סאַ־ניטאַריום, דירעקטאָר און פאָרזיצער פון סטעף.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ חיים שאַפּיראָ פעלאָשיפּ.

ריידענדיק מיטן אַדוואָקאַט האָב איך געטראַכט אַז דער מענטש איז אויך אַ גרויסער ייד. אַחוץ אַלע זיינע אַקטיוויטעטן, האָט ער ליב יידיש. ניטאָ קיין בוך אָדער חודש־שריפט וואָס זאָל ניט אַריינקומען צו חיים שאַ־פּיראָ, רעכטס, לינקס, אַלץ ווערט געלייענט פון אים מיט ליבע צום יידישן וואָרט. צו דעם איז ער פיינשמעקער. אויף זיין שרייב־טיש געפינט זיך דער זשורנאַל „היימיש" און אַנדערע זשורנאַלן וואָס זיינען פאַר אים אַ פאַר־געניגן ניט נאָר זיי אויסצושרייבן, נאָר טאַקע זיי לייענען.

חיים שאַפּיראָ איז דער פאָרזיצער פון „יקוואָ", דער פאָרזיצער פון הסתדרות. אין זיין אָפּיס דערלייִדיקט ער זייער וויכטיקע אַרבעטן.

זייער באַשיידן רעדט ער פון זיין „איך" ער דערמאָנט מיך אָן רבי הלל הזקן. איך שטופּ זיך ניט, אָבער אַז מען דאַרף מיך, בין איך גליקלעך צו העלפן. מיין גאַנצן לעבן האָב איך געדינט דער גערעכטיקייט.

און אַז איך פרעג: — מר. שאַפּיראָ, איר דערלויבט מיך איך צו צייכענען? קוקט ער מיך אָן דערשטוינט. „מ י ך ?" יאָ, זאָג איך,

איידָ! אייך דאַרף מען קענען, דעריבער פיל איך זיך זייער געהויבן מיט אונדזער באַגעגעניש און איך זאָג אים אַז, לאָס אַנגעלעס מעג זיין שטאָלץ מיט אייך און מיט אַלע טוער און בויער וועלכע איר אינספּירירט צו טאָן די אַרבעט פאַרן „ייווא" ווי: משה קאַפּלאַן, חבר טיליס, ז. זילבערצווייג, דער פאָרזיצער פון „ייווא". מען מוז האָבן דעם פירער וועלכער האָט ליב די אַרבעט און לערנען זיך פון אייך ליב צו האָבן אונדזער יידיש וואָרט און יידיש לשון. אַ דאַנק אייער געטרייען צוגאַנג צו יידיש, האָט איר דאָ פאַרפלאַנצט פאַרן „ייווא" דעם באָדן מיט וווּנדערלעכע בלומען. עס קומען שרייבער וועלכע איר נעמט אויף מיט פיל שיינקייט און גיט זיי אַ וואַ־רעמע היים.

רעדנדיק מיט פריינט שאַפּיראָ, האָב איך געטראַכט אַז אין יעדער שטאָט איז דאָ די זעלבע פּערזענלעכקייטן. די הויפּט זאַך פאַרדריסט חיים שאַפּיראָ וואָס עס עקזיסטירט ניט אין לאָס אַנגעלעס קיין יידישע צייטונג. אָבער מיר האָבן דאָ צוויי ענגליש־יידישע צייטונגען און אַ דריי־חדשימ׳־דיקן יידישן זשורנאַל „חשבון", אַרויסגעגעבן פון די ל.א. יידישע שרייבער. מיר האָבן דאָ פיינע ביבליאָטעקן, קלובן און מיר מוזן זיך צופרידנ־שטעלן מיט דעם.

פרעגט מיך פריינט שאַפּיראָ: „זייט איר שוין געווען אין ווערמאָנט 590? געזען אונדזער בנין ווו אַלע יידישע אינסטיטוציעס פון יידישן וועל־פער געפינען זיך? געזען די ביבליאָטעק? זייט איר געווען אין אונדזער קול־טור־קלוב ווו ב. אזאלין איז דער ביבליאָטעקאַר? אין 590 האָט משה קאַפּ־לאַן פאַראייביקט דעם נאָמען פון זיין גאָטזעליקער פרוי חנה מיט עטלעכע טויזנט יידישע ביכער".

— יאָ, פּרעכטיק, איך האָב עס געזען.

איך האָב אויך געזען דעם וועסט אָלימפּיק יידישן צענטער ווו סערגעי בוטקעוויטש איז דאָרטן דער דירעקטאָר. אַ זעלטענער מענטש! אויך ער איז קאָנצענטרירט אַרום דעם יידיש־געזעלשאַפטלעכן לעבן.

ביים געזעגענען זיך מיט חיים שאַפּיראָ האָב איך ווידער באַטאָנט אַז עס איז ביי מיר אַ באַזונדערער פאַרגעניגן אייך צו קענען. איר באַ־צאָלט ניט פאַר אייער כבוד, איר קריגט עס מיט פיל שיינקייט.

לאָס אַנגעלעס, 7טן סעפּטעמבער, 1959

# ה. ראָזענבלאַט

לויט ז. רייזינס לעקסיקאָן.

(באַאַרבעט פון דאָראַ שולנער)

ה. ראָזענבלאַט אָדער ראָזענבליט, ווי זיין ריכטיקער נאָמען איז געווען, איז געבוירן געוואָרן אין אַ דאָרף רישאשע, פּאָדאָליע. ביז 8 יאָר געלערנט ביי דאָרפס מלמדים, דערנאָך אין דערבייאיקן שטעטל לאַדיזישען. סוף די 80ער יאָרן האָט זיין פאָטער צבי וועלכער האָט געהאַלטן מילן, צוליב די גזירות אויף יידישע דאָרפס־לייט, געמוזט פאַרלאָזן זיין וווין־אָרט. אין 1891, צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע, האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע, וווּ דער 10־יאָריקער היימי, האָט געמוזט אַוועקגיין אַרבעטן אין אַ „סוועט־שאָפּ" כדי צו העלפן די עלטערן אין זייער קריטישער לאַגע. ווען די לאַגע פון די עלטערן האָט זיך אַביסל פאַרבעסערט, האָט זיך היימי צוגעגרייט אין דער שול פאַר פאָלקס־לערער, דזשאַמעיקא נאָרמאַל קאָלעדזש און סיסטעמאַטישע בילדונג ווי אויך די אַלגעמיינע שול־סביבה.

עס האָט זיך פאַר אים געעפנט אַ נייע וועלט און אויך נאָכדעם ווי ער האָט צוליב מאַטעריעלע סיבות געמוזט פאַרלאָזן קאָלעדזש, האָט ער מיט גרויס התמדה ווייטער געלערנט און שטודירט די ענגלישע שפּראַך און ליטעראַטור ווי אויך די קלאַסישע, ענגלישע פּאָעזיע.

לעבנדיק אין אַ יידישער סאָציאַליסטישער סביבה, האָט ער זיך אויך נאָענט באַקענט מיט דער יידישער ליטעראַטור; געווען אונטער דער ווירקונג פון מאָריס ראָזענפעלד און ש. פרוג, דערנאָך אברהם רייזען און יהואש.

דעביוטירט האָט ה. ראָזענבלאַט מיט אַ ליד אין „פאָרווערטס" אין יאַנואַר 1900 אונטער דער רעדאַקציע פון מ. קאַטץ. זינט דאַן פאַרעפנטלעכט ער לידער אין פאַרשידענע צייטשריפטן. זיין ערשטע זאַמלונג איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך דער יידישער ביבליאָטעק.

רויזענבלאַט איז געווען אָנגעשלאָסן אין דער יונגער גרופּע פון יידישער פּאָעזיע — די „יידישע יוגנט", וועלכע האָט אַרויסגעגעבן אייניקע נומערן, האָבן שפּעטער פאַרעפנטלעכט זיינע לידער.

ה. רויזענבלאַט האָט אין משך פון אַ יאָר צייט, 1917, רעדאַקטירט אַ ליטעראַרישע נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע צייטשריפט „דעטראָיטער וואָכנבלאַט" מיטן אָנטייל פון יוסף אָפּאַטאָשו, י. דוד איגנאַטאָוו, מ. א. סיימאָן, פּרץ הירשביין, א. וואָלינער, דר. ב. סירקין, י.. שוואַרץ, מ. שמיאַלזאָן, ביז די „וואָכנבלאַט" איז אונטערגעגאַנגען צוליב הויכן פּרייז פון פּאַפּיר.

אין 1921 מאַכט רויזענבלאַט אַ רייזע איבערן לאַנד און אַנדערע לענדער אין די אינטערעסן פון ניו־יאָרקער יידישן לערער סעמינאַר. געוועזן אין קאַנאַדע, באַזוכט אַ גרויסע צאָל שטעט און שטעטלעך. אויפגעטראָטן מיט פאַרלעזונגען און רעפעראַטן, פאַרעפנטלעכט זיינע בריוו אין טאָגבלאַט „די צייט".

אין דעם זעלבן יאָר, 1921, זיך באַזעצט אין לאָס אַנגעלעס ווו ער האָט זיך באַשעפטיקט מיט „ביזנעס", אָבער ער זעצט פאָר זיין ליטעראַרישע טעטיקייט. זייענדיק אַ צענטראַלע פיגור פון דער יידישער אינטעליגענץ פון דער ווייטער קאַליפאָרניע, האָט ער מער מעגלעכקייטן צו שאַפן זיינע וווּנדערלעכע לידער וועלכע ווערן געזונגען פון די בעסטע אַרטיסטן. די מוזיק ווערט געשאַפן פון סאלאמאָן גאָלוב. פשוט און איינפאַך איז ער אין זיינע פאָלקסטימלעכע לידער, כאַראַקטעריסטיש פאַר זיין ליריק אין געדאַנקען פאטאָס און די בייגונג צו טרויער און פרייעלעכקייט. ער איז פשוט, אויפריכטיק, סענטימענטאַל.

פשוט און איינפאַך, מוז מען ווידערהאָלן. דאָ ליגט ה. רויזענבלאַטס גרויסער טאַלאַנט. זיינע סאַטירישע לידער זיינען געלונגען ביז גאָר. זיין טאַלאַנט איז ראַפינירט, זיינע ביכער און לידער ווערן געלייענט און געזונגען איבער דער גאַנצער וועלט.

אין לאָס אַנגעלעס לעבט ער אין טיפן עלטער. ער איז געווען דער גרינדער פון יידישן קולטור־קלוב; ער פאַרנעמט אַ גרויס אָרט אין פאַרבאַנד און זיינע לעצטע יאָרן גיט ה. רויזענבלאַט אַרויס זיינע בעסטע ביכער אין פאָרם פון אויטאָביאָגראַפיעס. זיינע ווערק האָבן גרויס אָנזען.

ה. רויזענבלאַט איז געשטאָרבן אין לאָס אַנגעלעס אין 1957.

דאָראַ שולנער

## אין ליכטיקן אָנדענק פון ז. טיגעל

געשטאָרבן 13טן מאַרטש, 1947, אין ניו־יאָרק

דער מענטש ליגט אין עולמות,
פאַרטראַכט און פאַרטיפט,
זיינע נאָך ליכטיקע אויגן
האַלט ער פאַרמאַכט.

איך קוק אויף זיין פּנים
אַ פרינץ פון פאַרנעם,
אָבער איצט איז ער קראַנק,
קראַנק אין באַנעם.

ער זעט פאַר זיך קיינעם,
ער פילט נים זיין שמערץ,
זיין גוף איז פאַרצערט,
ער גיט נים קיין קרעכץ.

איך ערע דיין ליכטיקן אָנדענק
מיין איינציקער פריינט, ז. טיגעל.

---

# חביבה פאַקס

(עוועלין העטיס פאַקס)

מיט אַ פאָר יאָר צוריק איז מיר אויסגעקומען זיין ביי אַ גרויסן באַנקעט, געווידמעט צו חביבה פאַקס, אין דעם שענסטן האָטעל פון שי־קאַגע. אַנקומענדיק אין דעם שיין־פאַרפוצטן באַנקעט־זאַל נאָך זייער פרי, איז שוין דער זאַל געווען געפאַקט מיט הונדערטער מענטשן וועלכע זיינען געקומען באַגריסן זייער ליבלינג עוועלין. איך בין נים געוואָרן איבער־ראַשט, ווייל דער נאָמען עוועלין איז אין שיקאַגע זייער באַליבט צוליב אירע אָפטע אויפטריטן אין דראַמאַטיזאַציעס, אין די הדסה טשאַפּטערס, ווי אויך אין קאַלעדזש פאַר יידישע לימודים. זי נעמט אויך אַ גרויסן אינ־

טערעס אין קינסטלער. וואָס עוועלין האָט פּאַרזייט, דאָס האָט זי געשניטן מיט פרייד.

ביים באַנקעט האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט איר מאַן, ניקאָלאַס פּאַקס, אַ באַוווסטער דאָקטער פון דריי שפּיטאָלן און אויך דער דאָקטאָר פון אַרבעטער רינג. פאַרשטענדלעך אַז איך האָב זיך אויך באַקענט מיט זייער איינציקן זון, בן עמי פּאַקס, וועלכער איז אַ באַגאַבטער פידל־שפּילער און איז צו זיין מוטער, ניט נאָר אַ זון, נאָר אַ חבר און אַ באַגלייטער פון מוזיק. עוועלין זינגט און בן־עמי באַגלייט איר אויפן פידל. די סימפּאָניע וועל איך לאַנג געדענקען. די אַפּלאָדיסמענטן קלינגען מיר נאָך אין מיינע אויערן.

מ׳זאָגט: „ווילסטו דעם קינסטלער קענען, זאָלסטו גיין אין זיין לאַנד". איז ניט קיין וווּנדער וואָס אין אַ געוויסן טאָג האָב איך אָנגעקלונגען חביבהן און זי געפרעגט צי זי קען מיר געבן אַן אינטערוויו ביי איר אין הויז, ווייל איך וויל אַריינגעמען איר שיין געשטאַלט אין מיין איצטיקן בוך „געשטאַלטן". מיין מזל איז געווען גוט, זי האָט אָנגענומען מיין איינלאַדונג. אויף מאָרגן, 10 פרי, בין איך צו איר געקומען אין איר באמת קינסטלערישער היים, ממש אַ קונסט־טעמפּל. ביז עוועלין איז אַריינגעקומען, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט באַטראַכטן די הויז וועלכע איז אָנגעפילט מיט געטלעכקייט: אַ גרויס בילד פון איר זון, אַ בילד פון אַ גרויסן מאָלער. אויפן בילד — בן־עמי האַלט זיין פידל אין האַנט און מיט קינדערשע תמימות גרייט ער זיך צו שפּילן אָדער באַגלייטן זיין מוטער; אַ פיינע שאַפע מיט ביכער אין פאַרשיידענע שפּראַכן, ווי אויך יידישע צייטונגען און זשורנאַלן.

פלוצלונג דערשיינט עוועלין, אַ שיינענדיקע, אַ שלאַנקע, מיט פיל צאַרטקייט אין איר שטימע באַגריסט זי מיר. גראַדע דערוואַרט זי אַ באַוווסטן חזן, אָבער זי וועט זיין זייער צופרידן דאָס איך זאָל זיך מיט אים באַקענען. עוועלינס יאָרן קען מען ניט ציילן, זי זעט אויס מיידליש־יונג, ניט קוקנדיק וואָס זי האָט שוין אייניקלעך פון איר איצטיקן זון. די קינסטלערין אין איר האַלט זי יונג און שיין. צו קינסטלער איז זי אַזוי ווי אַ מאַמע, מיט ראַט און טאַט. רודאָלף בעק איז איר אָפיציעלער פּיאַנאָ־באַגלייטער, פון אים רעדט עוועלין מיט טיפער אַכטונג און ליבע. זי רעדט בכלל פון זיך זייער ווייניק, איר אַרבעט רעדט פאַר איר.

אויף אַ פּאָר פראַגן האָט זי געענטפערט וועלכע איך וועל צום סוף פּראַצייכענען. זי האָט גענומען אַ גרויסן אַנטייל אין בויען די הדסה אָר־גאַניזאַציע ווי אויך די פּיאָנערן פרויען אָרגאַניזאַציע. געווען אַ צייט די פּרעזידענטין פון דער הדסה אין דער מידל־וועסט און איז ביז היינטיקן טאָג זייער קולטור פּאָרזיצערין. זי רעדט פון שרייבער מיט גרויסער ליבע און זי גיט מיר אַ בילד פון וואָן־פּאַסען, גענומען אין איר הויז ווען דער גרויסער מאַן און קינסטלער איז געווען איר גאַסט. זי איז אויך געווען ביים דאָראַ שולנער בוך קאָמיטעט ווי אויך ביי י. ל. פּרץ קרייז אַ גאַסט און גערעדט וועגן מיין לעבן און שאַפן און גענומען פון אונדז בילדער. די בילדער נעם איך אַריין אין מיין בוך „געשטאַלטן״ ווי אַ סימבאָל, ווי אַזוי חביבה איז גרויס און זוכט ניט קיין שום בלומען, נאָר זי ברייננגט אַריין אומעדום פרייד. מיר אַלע שאַצן אָפּ די מתנה און ווינטשן אונדזער קינ־סטלערין נאָך לאַנגע יאָרן פון שעפערישע טעטיקייט.

עוועלין איז שוין צווי מאָל געווען אין ישראל, איצט פאָרט זי צום דריטן מאָל קיין ישראל. מיר, פון דעם בוך־קאָמיטעט, וווּ זי איז איינע פון דער עקזעקוטיווע און אויך פון לייען קרייז אָן ערן־מיטגליד, ווינטשן חביבה זי זאָל פאָרן געזונט און קומען געזונט, מיר וועלן זיין גליקלעך זי ווידער באַגעגענען.

עוועלינס מאַן און איר זון ווייסן ווי אָפּצושאַצן זייער פרוי און מוטער. איך גיב אייך, טייערע עוועלין, מיין ליבע ווי אַ קראַנץ בלומען צו אייער פּרוכטבאַרן לעבן. גייט אָן מיט אייער ווירדיק לעבן און זייער וויכטיקע אַרבעט. מיט ליבע אייערע, דאָראַ שולנער ווי אויך מיין בוך־קאָמיטעט און דער י. ל. פּרץ לייען־קרייז. זייט געבענטשט.

---

# חזן ל. שעלינסקי, חזן פ. קאזלאוו און חזן אהרן קריץ

א מתנה אייך אַלעמען:—פייגעלע פּאניטש,
ען דרוקער, באַגאַבטע צוויי זינגערינס, און
איידא ליבערסאָן.

פאַרשידן זיינען גאָטס זינגער מיט זייער שיינער נגינה צו דער־פרייען דאָס יידישע האַרץ אין גאָט׳ס הויז. עס זיינען דאָ חזנים וועלכע זיינען באַרימטע קינסטלער. די האָבן אונדז געבראַכט געשיכטע וועלכע וועט אייביק בלייבן ביים יידישן פאָלק.

חזן ש. וויגאָדא האָט די חזנים געשיכטע פאַראייביקט אין „פאָר־ווערטס״, וואָס וועט מסתם דערשיינען אין גיכן אין בוך־פאָרם. שלום עליכם האָט אָנגעשריבן אַ פּרעכטיק בוך אונטערן נאָמען „די בלאָנדזשענ־דע שטערן״. מוזיק ביי יידן איז אַזוי אַלט ווי עס איז אַלט דאָס יידיש פאָלק. אָן נגינה, וויפיל וואָלט אונדזער יידיש לעבן ווערט געווען?

פאַר מיין צייט, ביי אונדז אין שטאָט פלעגן קומען גרויסע חזנים און דאַווענען אין אונדזער קאַלטער שול. געוויינטלעך אויף פסח האָבן די ליבהאָבער אַרונטערגעבראַכט באַרימטע חזנים. עס איז געווען יאָקעלע דער חזן — פלעגט מיין מאַמע זאָגן, אַז נאָך זיין זינגען און שיין דאַווענען איז ער גאָרניט קיין מענטש. נאָכן דאַווענען דאַרף מען יאָקעלען אַריינ־לייגן ווי דאָס פידעל אין קעסטעלע, ביטאָ גאָרניט מיט אים וואָס צו רעדן. ער דאַרף בלויז זינגען ווי אַ קאַנאַריק, און אַזוי ווי מיין פאָטער איז אויך געווען אַ חזן, האָט מיין מאַמע אים פאַרגליכן מיט יאָקעלען, נאָר יענער איז אַ גרויסער זינגער און דיר מיין מאַן — דאַרף מען בלויז תמיד האַלטן אין קעסטעלע.

מיין טאַטן האָט עס פאַרדראָסן, אָבער ער האָט מיין מאַמען פאַר־שוויגן. ער האָט געוווּסט זיין אָרט אַלס חזן און זיך ניט געגרויסט מיט זיין שטימע וואָס איז געווען ביי אונדז קינדער זייער ליב און טייער.

דעריבער, קומענדיק קיין אַמעריקע האָב איך געהאַט דאָס גליק זיך

צו באַקענען מיט די דריי חזנים און מיט צוויי פיינע זינגערינס: פייגעלע פּאַניטש און ען דרוקער.

דער ערשטער, חזן אהרן קריץ, אַ באַרימטער חזן; דער צווייטער — חזן ל. שעלינסקי, אַ גרויסער אַרטיסט, און צום קרעדיט פון חזן ל. שעלינסקי איז ער אַ געענדיקטער דאָקטאָר מעדיצין. צוליב געוויסע סיבות פון זיין געזונט, האָט ער זיך געווידמעט צו חזנות, און אַ דאַנק זיין פרוי, בעטי, אַ ליבהאָבערין פון מוזיק, האָט אים פיל מיטגעהאָלפן זיך ווידמענען צו מוזיק, און האָבנדיק אַ לעבנס־קאָנטראַקט, דאַוונט ער שוין יאָרן אין איין שול וועלכע איז באַרימט אין שיקאַגע, אָבער ער איז אויך אַ פיינער דאָקטער.

דער דריטער חזן איז פּ. קאָזלאָוו. נאָך אַלס קליין ייִנגעלע האָט ער אין רוסלאַנד געזונגען ביי גרויסע חזנים און ער פאַרמאָגט אַ פּרעכטיקע שטימע. אַלס חזן דאַוונט ער בלויז אין די ימים נוראים אין אַ פיינער שול.

אַזוי אַרום נעם איך אריין מיינע דריי באַליבטע חזנים אין מיין איצטיקן בוך „פּערזענלעכקייטן אין יידישן לעבן" ווי אויך די צוויי זינגערינס: פייגעלע פּאַניץ און ען דרוקער.

דער עלטסטער חזן אין אהרן קריץ, צו זיינע 75 יאָר האָט ער נאָך אַלץ אַ לייבן שטימע ווי צו 30 יאָר. ער האָט אַריינגעזונגען אין עטלעכע רעקאָרדס וואָס זיינען באַלד געוואָרן באַרימט און יידן ווי ניט יידן קויפן די רעקאָרדס און פרייען זיך מיט יידישער נגינה. חזן קריץ האָט אין שיקאַגע גרויסע פאַרדינסטן, אויך האָבן אים יידן איינגעלאַדן אין פילע אַנדערע שטעט דאַוונען.

ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות, איז חזן אהרן קריץ אויפגעפּאָדערט געוואָרן קיין לאָנדאָן, ענגלאַנד, געבן אַ קאָנצערט ווי אויך דאַוונען אין אַ גרויסער שול.

איך ווינטש מיינע טייערע חזנים צו דערלעבן אין טיפן עלטער און אייערע שטימען זאָלן אייך און אונדז, די צוהערער, ברענגען די געהעריקע פרייד.

פייגעלע פּאַניטש איז פּרעכטיק דערמיט וואָס איר טאַלאַנט טיילט זי פריי צו אַלע יידישע אָרגאַניזאַציעס, ווי אויך צו די שרייבער וועלכע זי באַשיינט זייערע יום־טובים. דעם פאַרגעניגן האָב איך אויך געהאַט. זי האָט באַשיינט מיין יום־טוב אין פּאַרק מענאָר, לאָס אנגעלעס, ווען מר.

און מרס פֿאַרבער זיינען געווען די אייגנטימער פֿון דעם שיינעם קולטור־טעמפּל, אויף דער זיבעטער גאַס און אַלוואַראַדאַ. דעם יום־טוב וועל איך אייביק געדענקען ווייל ער איז מיר געגעבן געוואָרן פֿון מיינע ראַדעמישלער לאַנדסלייט.

עס האָבן זיך אין דעם יום־טוב באַטייליקט פֿילע באַגאַבטע קינסט־לער — די הויפּט אַרטיסטין איז געווען פֿייגעלע פֿאַניטש, ביי דער פּיאַנאָ — מאַדאַם בראַמאַן. אסתר שומיאַטשער און פּרץ הירשביין, שפרה ווייס, „כאַ־ווער פֿאַווער״, ראָוז שאָמער באַטשילעס מיט איר ליבן מאַן, דר. י. שאַפּיראָ דער לייבראַריען פֿון דער וואַשינגטאָן לייבראַרי; מיין חברטע שרה טיי־טעלבוים, אַ באַגאַבטע אַרטיסטין פֿון דער שיקאַגער דראַמאַטישער געזעלשאַפֿט; מאָטל מייזעל, עטל און טביה סאַוואַל און פֿילע אַנדערע וועלכע האָבן מיך באַגליקט מיט זייער אָנוועזנהייט.

ען דרוקער, די יידיש־ענגלישע פֿאָלקס־זינגערין און פּיאַניסטין, האָט זיך צו מיר צוגעבונדן ווי אַ קינד און מיר באַשיינט מיינע יום־טובים מיט איר האַרציק געזאַנג. זאָל איר נאָמען זיין געבענטשט.

עס איז גוט צו זאָגן צום סוף אַ דאַנק צו אײַדאַ ליבערסאָן וואָס האָט דערפֿרייט און באַשיינט מיין וועג און געהאָלפֿן מיר דערגרייכן מיין ציל.

## חזן פּינחס קאָזלאָוו

חזן פּינחס קאָזלאָוו קומט פֿון בערעזאָווקע, אַ שטעטל לעבן אָדעס. נאָך אַלץ זייער אַ יונגער ייִנגל האָט ער געזונגען בא חזנים ווי: משה שטיינבערג, חזן שולמאַן און נאָך פֿילע חזנים וועלכע פֿלעגן דורכפֿאָרן אויף שבתים און קאָנצערטן.

קיין אַמעריקע איז קאָזלאָוו געקומען אַ יונגערמאַן און געשטודירט שטימע בילדונג ביי באַרימטע לערער אין שיקאַגע. אַלס חזן האָט ער אין 1930 אָנגענומען אַ יערלעכע שטעלע אין איינע פֿון די שענסטע שולן, אין עזרת ישראל אַרטיזשען עוועניו שול, די שטעלע האָט ער אָנגעהאַלטן 14 יאָר, אין עזרת ציון 3 יאָר. געדאַוונט י״ג אין מינעאַפּאָליס אין מקרה קודש, אין מילוואָקי—בית אל נר תמיד, אין שיקאַגע —בית המדרש הגדול בני זאַיען און היי־יאָר, תשכ״ג, אין ניו איזראַעל שול, שיקאַגע.

חזן קאָזלאָוו האָט אַ לירישע באַריטאָן שטימע און צייכנט זיך אויס מיט זיין נוסח התפילה און מיט דעם יידישן געפֿיל פֿאַר חזניש.

# די פאַמיליע שאַפּיראָ פון מילטשין

## וואָלינער גובערניע

פיל מענטשן פרעגן מיך פאַרוואָס איך רוף מיין צווייטן בוך „מיל־טשין?״ וועל איך אין מיין איצטיקן, פינפטן בוך, געבן די דערקלערונג.

ערשטנס איז עס אַ באַשרייבונג פון יענע גרויליקע טעג און יאָרן ווען מען איז געלאָפן פון די פּאָגראָמען ווו די אויגן האָבן געטראָגן. צו ווייט לויפן האָבן מיר ניט געקאָנט, ווייל איך האָב געהאַט פיר קליינע קינדער. מיין שוועסטער רחל האָט געהאַט איין מיידעלע„ — צוזאַמען זיי־נען מיר געווען זיבן פאַרשוינען אויף עסן. טראָגן די קינדערלאך אויף די הענט האָט מיין רחל. מיר האָבן גוט געשוויצט און געגאַנגען צופוס; אַביסל אונטערגעפאָרן און קוים לעבעדיקע זיך אָפּגעשטעלט אין דעם קליינעם שטעטל מילטשין. פון דאָרטן האָבן מיר געדאַרפט גנבענען די גרענעץ.

אין דעם דאָזיקן שטעטעלע האָבן מיר פאַרבראַכט אַרום זעקס וואָכן, ביז מיר האָבן געגנבעט די גרענעץ, בעסער געזאָגט, איך אַליין האָב עס פריער געטאָן, און נאָכדעם האָט אַן אַגענט צו מיר קיין ראָוונע געבראַכט רחלען מיט מיינע קינדער און איר איינציק קינד.

איז פאַרשטענדלעך אַז איך צאָל אָפּ מילטשין מיט מיין פען און וויל דערציילן פון די זעלטענע מענטשן, סיי דאָרטן ווי אויך אין אַמעריקע.

די מילטשינער יידן זיינען דאָ אין אַמעריקע זייער פיין איינגע־אָרדנט, איבערהויפּט די פאַמיליע שאַפּיראָ אין מילוואָקי. די שאַפּיראָס אין מילוואָקי פאַרנעמען אַ גרויס אָרט מיט זייער איבערגעבנקייט צו אַלע וועלכע קומען מיט זיי אין באַרירונג. ראָכצע שאַפּיראָ, מרדכי שאַפּיראָ און מיכל שאַפּיראָ, חנה און אַלע ברידער, קרובים — אַ פאַרצווייגטע פאַמיליע. זיי זיינען פאַרקניפּט און פאַרבונדן מיט די אייזנשטיינס פון פּאָטאַלומאַ און איבערן לאַנד ווי אויך אין אַנדערע לענדער. דעריבער פאַרצייכן איך די פאַמיליע שאַפּיראָ פון מילוואָקי.

אָט די דאָזיקע פאַמיליע, קען איך זאָגן, האָבן מיר געהאָלפן סיי אין מילטשין ווי אויך אין אַמעריקע צו שטיין אויף מיינע פיס און קענען פאַר־זעצן מיין ליטעראַרישע אַרבעט.

שלום עליכם האָט תמיד געחלומט פון אַ מעצענאַט, און איך, מיט גאָטס הילף, האָב זיי געהאַט. זיי זיינען צו מיר געווען גוט און אויך צו די אַלע וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין זייער הילף. די אמתע „לאַמעד־וואָווניקעס". זייערע עלטערן האָב איך געקענט, און זיי קענען רואיק זיין אין זייער אייביקער היים — די דורות גייען אין זייערע פיסטריט.

עס איז רירענד ווען איך קום קיין מילוואָקי און קלינג אָן, זאָגן די ברידער: — „נעמט שוין אַ טעקסי און קומט". עס איז ווערט אַלץ אין דער וועלט אייך צו זען! אַזוי איז ראכצע וועלכע מ'קען אָנרופן צדקת. איר גאָטזעליקער מאַן, לייזער שאַפּיראָ, האָט מיט זיין ליבער פרוי געלעבט אַ לעבן וואָס מיין פּען איז שוואַך צו באַשרייבן, ער איז געשטאָרבן פּלוצ־לונג. ראכצע האָט זיך ניט פאַרלאָרן. זי וווינט מיט איר איינציקער טאָכ־טער דזשאַנעט און איידעם אטלאס און זייער געראָטן קינד מיט זייער מו־טער רחל; די זין אַלע אויסגעגעבן, מאַכן אַ פיין לעבן און גיבן אָפּ כבוד זייער מאַמען.

פון די ברידער שאַפּיראָ קענען מענטשן זיך זאַט ניט אָנרעדן. די שענסטע טעמפּלען האָבן זיי מיט אַ ברייטער האַנט געשטיצט. אויך זיי האָבן שוין זייערע קינדער אויסגעגעבן און לעבן אין רחבות. אָנצוזען זיי־ערע היימען און אָפיסעס איז אַ באַזונדערע פּריווילעגיע, אין פולן זינען פון וואָרט — גרויסאַרטיק! זאָל דער נאָמען שאַפּיראָ אין מילוואָקי זיין גע־בענטשט! אויך די בלייוויסעס אין ניו־יאָרק, פּאַטאַלומאַ, ראַסין, וויסקאָנ־סין און לאָס אַנדזשעלעס.

דאָס קאַפּיטל נעם איך אַריין אין מיין פינפטן בוך ווי אַן אויסדרוק צו טייערע, גוטע מענטשן וועלכע האָבן באַוויזן זייער גוטסקייט צו אַ שרייבערין וועמעס וועג איז געווען זייער אַ שווערער. זייער ווייניק מענטשן זיינען דאָ אויף גאָטס שיינער וועלט וואָס ער שענקט די מתנה צו זיינע קינדער איבער גאָר דער וועלט מיט דער פולער האַנט!

זאָלן די דאָזיקע מענטשן זיין געבענטש, מיט זייער הילף מיך אַרויסצוברייגען. איך אַליין וווּנדער זיך. מעגלעך אַז אין מיינע שריפטן האָב איך שוין געזאָגט אַז דער פראַנצויזישער שרייבער באַלזאַק האָט געזאָגט: „ווען אַ פרוי גייט אַליין, איז זי תמיד אַליין". ניט איך קען עס שרייבן און זאָגן. גאָט איז תמיד געווען מיט מיר אויף מיין איינזאַמען וועג. איך האָב געפונען די סאַמע שענסטע פּערל וואָס איך ציר זיך מיט זיי פאַר

מיין לעבן, און אַ בוך לעבט אייביק. זאָלן זיך מיינע לייענער דאָרטן גע־
פינען און אַלע וועלכע האָבן מיר געהאָלפן צו דערגרייכן מיין ליטעראַ־
רישן שטאַנד.

אין מילוואָקי געפינען זיך מיין גאָט־זעליקן מאַנס פאַמיליע, איבער־
הויפּט מיין מאַנס ברודער מנשה. זאָל זיין נאָמען זיין געהייליקט. זייער יונג
איז ער אַוועק אין דער אייביקייט. אויך ער האָט מיר פיל אַרויסגעהאָלפן
אַרויסצוגעבן מיינע ביכער. אַ בוך קאָסט זייער פיל געלט, און ניט קוקנ־
דיק וואָס דער פּאָבלישער מיינער, בן־ציון לעווקאָוויטש, האָט ליב מיין
אַרבעט און איז אַ זעלטענער איד און קענער פון יידיש, ווי אויך אַ קינסט־
לער אין זיין פאַך, וועט ער אָבער אָן געלט דאָס בוך ניט אַרויסגעבן. ער
איז ניט רייך און אַ יידיש בוך איז ניט קיין גרויסער אָנזען אַז מען זאָל
נעטרויען דעם שרייבער. דער גרויסער ש. אַש האָט געדאַרפט באַצאָלן
דעם פּאָבלישער און אויך אַנדערע גרויסע פאַרלאַגן ווילן געלט פאַר אַרויס־
געבן אַ בוך, מעג דאָס בוך זיין אויף ענגליש אָדער אויף יידיש. עס איז
פאַרבונדן מיט טויזנטער דאָלאַר, און אַז דאָס יידישע בוך דערשיינט און
מען קויפט אים, ווייזט זיך אויס דעם קויפער, אָדער בעסער געזאָגט דעם
לייענער, אַז ער האָט דעם שרייבער באַגליקט. מעגלעך אין דער ענגלישער
ליטעראַטור, ווו מען גיט אויס מיליאָנען דאָלאַר אויף „אַדוועריטייזן" אַ
בוך, קריגט דער שרייבער זיין גלאָריע און ער ווערט באַגליקט. אָבער
ביי יידן! מילא, אַזוי איז שוין אונדזער יידיש לעבן — דאָ און דאָרטן זיינען
דאָ גרויסע, גוטע מענטשן, וואָס צומאָל ווילן זיי אפילו ניט אַז מען זאָל
זייערע נעמען דערמאָנען, געבליבן פון יענע וועלכע האָבן געבויט, גע־
פלאַנצט און געשטאַנען אָן אַ זייט און באַוווּנדערט זייער אַרבעט וואָס איז
ניט געגאַנגען אין ניוועץ.

די אַלע מענטשן וועלן זייער געצאָלטס קריגן מיט דער ליבער זע־
ליקייט מיט וועלכער זיי האָבן דעם שרייבער באַגליקט.

---

# שרה פּערסקי

מיין צווייטער בוך „מילטשין" טראָגט דעם נאָמען פון אַ שטעטל
אין וואָלינער גובערניע. ניט ווייט פון דעם גרעניץ וואָס פּוילן האָט פאַר־
כאַפּט אָדער די סאָוועטן האָבן איבערגעלאָזט. דעמאָלט איז מילטשין גע־

וואָרן אַ באַוווּסטער נאָמען פֿאַר עמיגראַנטן וועלכע האָבן געמוזט זיך אָפּ־שטעלן אין מילטשין און וואַרטן אויפֿן אַגענט וואָס זאָל זיי נעמען אונטער זײַנע פֿליגל אום צו גנב׳ענען דעם גרעניץ אַריבערצוקומען קיין ראַוונע. פֿון ראַוונע האָבן די עמיגראַנטן זיך פֿאַרבונדן מיט זייערע קרובים אין אַמעריקע דורכן „האַיאַס״.

איך מיט מײַנע קינדער און מײַן שוועסטער רחל מיט איר קינד, זײַ־נען געווען צווישן די היימלאָזע עמיגראַנטן וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין מילטשין.

דאָס האָב איך געשריבן אין מײַן צווייטן בוך אונטער דעם נאָמען, און טאַקע באַשריבן די טײַערע מענטשן וועלכע האָבן, צו יענער צײַט, גע־האָלפֿן די היימלאָזע מיט אַ ווינקל ווו איבערצושלאָפֿן און וואַרעם גע־קעכטס. גלײַך, אין אָנפֿאַנג פֿון בוך, צייכן איך די טײַערע ליכטיקע מענטשן פֿון מילטשין די פֿאַמיליע שאַפּיראָ וואָס אַ דאַנק זיי האָב איך געקענט אַרויסגעבן דאָ אין אַמעריקע מײַנע פֿינף ביכער.

מיט שרה פּערסקי (איר מיידלשער נאָמען איז געווען פֿאַקס), האָב איך זיך באַקענט אין לאָס־אַנגעלעס. ראָזע באַר, זייער אַ טײַערער מענטש, מײַנע אַ גוטע פֿרײַנדין און אַ חברה פֿון שיקאַגע, האָט פֿאַר מיר געמאַכט אין איר הויז אַ יום־טוב צוליב מײַן בוך „מילטשין״, און דאָ, בײַם יום־טוב, גייט צו מיר צו אַ פֿרוי און מיט אַ ליבלעכן שמייכל זאָגט זי צו מיר: — אײַער בוך טראָגט דעם נאָמען פֿון מײַן היים־שטאָט מילטשין. טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין די אויגן. גיי ווייס אַז אויף אַן אינטימען אָוונט פֿאַר אַ שרײַבערין, וועל איך געפֿינען אַ פֿרוי פֿון מילטשין.

פֿון דעם מאָמענט אָן איז אונדזער פֿרײַנטשאַפֿט פֿאַרזיגלט געוואָרן אויף אייביק. זי איז באַשטאַנען אַז מײַן היים זאָל איך מאַכן בײַ איר אין איר פֿײַנער היים. זי גיט מיר אָפּ אַ באַזונדער צימער און מיר ווערן חבר.

שרה פּערסקי איז זייער אַ באַשיידענער מענטש. איך האָב איר דער־קענט אַרום אַ יאָר נאָך איר גאָטזעליקן מאַנס טויט וואָס זי קען צו זיך ניט קומען ביז היינטיקן טאָג. זיי האָבן ביידע געלעבט מיט זייערע קינדער האַרמאָניש — צוויי זין מיט אַ טאָכטער און אייניקלעך, עס האָט זיי גאָר־ניט געפֿעלט. אָבער אַזוי האָט עס פּאַסירט. שרה פּערסקי גייט אָן מיט איר לעבן. זי באַטייליקט זיך אין דער פּיאָנערן אָרגאַניזאַציע. זי פּאַסט

זיך צו צו איר איינזאַמען לעבן, די הויפּט זאַך, זי האָט אַ געפיל צו אירע פריינט מיטן גאַנצן האַרצן.

זאָל עס זיין אין מיין נייעם בוך מיין מתנה צו מיין ליבע פריינדין שרה פּערסקי. איך עהר מיט טיפן מיטגעפיל הערי פּערסקי, זיין היים איז די היים פון זיינע פריינט. איך קען שרה׳ס קינדער און קינדס־קינדער וועלכע האָבן שטאַרק ליב זייער מוטער. שרה ווייסט ווי אומצוגיין סיי מיט מענטשן ווי אויך מיט אירע פריינט.

מאָריס פאַרבער

# פאסירונגען אויף אונדזערע לעצטע רייזעס

אויף דער שיינער ישראל „טעאָדאָר הערצל״ שיף, האָבן מיר זיך באַקענט מיט אונדזער פאַרשטאָרבענעם שריפטשטעלער שלום אַש׳ס טאָכטער, רות שייפער, און צווישן די געשפּרעכן וועגן די לעצטע פּאַסי־רונגען פון איר פאַרשטאָרבענעם פאָטער׳ס הויז, אין בית ים, האָט זי דער־ציילט, אַז איר מוטער האָט אָוועקגעשענקט די „ווילאַ״ און דאָס הויז אין וועלכן שלום אַש האָט געוווינט און געשאַפן, איז איצט אַ ביבליאָטעק און אַ לייען־זאַל. דאָס הויז איז איצט אַ שטאָטישער מוזעאום, אָבער עס פעלט זיי ביכער.

זי האָט זיך געווענדעט צו מיר און צו מאַניען מיט אַ בקשה, צי וואָלטן מיר אין אַמעריקע ניט געקענט שאַפן די נויטיקע ביכער פאַר דעם ציל. מיר האָבן איר צוגעזאָגט, אַז קומענדיק אַהיים, וועלן מיר פּרו־בירן מאַכן אַן אַקציע און זען, אַז עס זאָלן געשאַפן ווערן די נויטיקע צאָל ביכער.

מיט אַ פּאָר מאָנאַטן שפּעטער באַקום איך אַ בריוו פון מאיר בן־ארי, דער מעיאָר פון בית־ים, וווּ ער שרייבט אונדז, אַז שלום אַש׳ס טאָכטער האָט אים דערציילט וועגן אונדזער פאַרשפּרעכן. האָב איך באַלד געענט־פערט, אַז איך קלייב זיך נאָכאַמאָל צו קומען קיין ישראל, וועלן מיר זיך

דאַן באַגעגענען און באַשפּרעכן דעם ענין וועגן די ביכער.

פּונקט צום יאָר האָבן מיר ווידער געמאַכט אַ רייזע איבער דער וועלט און האָבן אויך באַזוכט ישראל, זיך געטראָפן אין מעיאָרס הויז און גראַד האָט פּאַסירט אַז יענעם אָוונט האָבן דער מעיאָר און זיין פרוי געפּראַוועט זייער זילבערנע חתונה, און דאָס גאַנצע שטעטל איז געקומען באַגריסן זייער באַליבטן מעיאָר און זיין פרוי לכבוד זייער יום־טוב.

נאָכן עסן לאַדט אונדז איין די מעיאָרשע מיטגיין מיט זיי צו אַ קאָנצערט און חנוכת־הבית פון זייער „צענטער”, וואָס די בית־ים פּיאָנערן פּרויען האָבן אויסגעבויט פאַר די ניי־געקומענע עולים. נאַטירלעך, האָבן מיר אָנגענומען די איינלאַדונג.

אַ שיינער, ליכטיקער זאַל, ציכטיק און באַקוועם, כאָטש אָן שטולן, אָבער נייע, לאַנגע בענק, מיט אַ שיינער פּלאַטפאָרמע און אַ זייטיק צימער פאַר צובייסן ווו מ'האָט סערווירט געשמאַקע געטראַנקען.

די מעיאָרשע האָט געשילדערט מיט וואָס פאַר אַן אָפּפערוויליקייט דער צענטער איז געבויט געוואָרן, טאַקע פון די נייע עולים אַליין, ווי יעדער האָט פון זיינע לעצטע פּיאַסטערס אָפּגעשפּאָרט כדי צו שאַפן דעם צענטער.

די הויפּט רעדנער זענען געווען בעבי דעניעלס, פרוי דעפּוטאַטין פון כנסת און אונדזער אייזיק העמלין, דער אַמעריקאַנער הסתדרות־אַמבאַסאַדאָר.

באַטראַכטנדיק דעם עולם האָט מען געזען אַ מערקווירדיקן געמיש פון יידן — אַלזשיריאַנער, מאַראָקאַנער, תימנער, בולגאַרישע, פּוילישע און פון אַנדערע לענדער, מיט אַ צוגאָב פון אפשר זיבעציק לשונות, וואָס אין רעש און געפּילדער פון די קינדערלאַך, האָט מען ניט געקענט פאַרשטיין פון וועלכן לאַנד זיי קומען.

אָפּגעפאַרטיקט מיט אַלע רעדעס, איז מען צוגעטראָטן צום מוזיקאַלישן פּראָגראַם. עס טרעט אַרויס אַ יונגע פרוי, שיין ווי אַ קעניגין מיט ווירדע און שטאָלץ און מיט אַ פּראַכטפולער לירישער סאָפּראַנאָ, זינגט לידער אין עטלעכע שפּראַכן, פון העברעאיש ביז בולגאַריש, אָבער אויף מיין פראַגע פאַרוואָס זי זינגט ניט אין יידיש, דערקלערט זי, מיר, אַז זי קומט פון בולגאַריע, קיין יידיש האָט זי ניט געלערנט.

געוויינטלעך ווערט אַ זינגער באַגלייט אויף אַ פּיאַנאָ, דאָ אָבער האָט

מען איר באַגלייט אויף אַ האַרמאָניקע. אויף מיין פראַגע פאַרוואָס ניט קיין פּיאַנאָ באַגלייטונג, האָט די מעיאָרשע דערקלערט אַז זיי האָבן פשוט ניט קיין געלט צו קויפן אַ פּיאַנאָ. דאָ איז אַ פּיאַנאָ זייער טייער.

אויסהערנדיק די דערקלערונג, האָב איך מיט מיין פרוי באַשלאָסן אַז מיר זאָלן זיי באַזאָרגן מיט אַ פּיאַנאָ, און אין פיר חדשים שפּעטער, צוריקקומענדיק אַהיים, האָבן מיר, מיט דער הילף פון אונדזערע מיט-רייזנדע יוסף און דזשעני וויינמאַן, געשאַפן די סומע פון 1400 פונט (אַן ערך פון 750 דאָלאַר), און מיר האָבן זיי אַוועקגעשיקט דאָס געלט.

מיט צוויי מאָנאַטן שפּעטער האָבן מיר באַקומען אַ בריוו פון מעיאָר און מעיאָרשע בן־ארי, אַז די פּיאַנאָ שטייט שוין אין זאַל, די פרויען פּיאַ־נערן דאַנקען אונדז און הלואי זאָל אונדז קומען צען פּראָצענט פון די ברכות וואָס זיי שיקן אונדז.

שפּעטער מיט אַ יאָר געפינען זיך די פאַרבערס אין דעם פּרעכטיקן פּראָווינציעלן ים־רעזאָרט וואָס רופט זיך „לאַ-ראָזערי אין לאַ־באָול״, צפון פראַנקרייך און ער שרייבט:

„אַזאַ רייזע וועלכע איך און מיין פרוי מאַכן איצט, ווינטש איך אַלע מיינע ליבע. מיר געפינען זיך איצט אין צפון פראַנקרייך ביים ים, ווו מיר רוען זיך אויס פון אונדזער רייזע קיין איטאַליע. אין איטאַליע האָבן מיר באַזוכט רוים, מילאַן, נעאַפּאָל און דעם אינזעל קאַפּרי, מיר האָבן אפילו באַזוכט דעם וואַטיקאַן, כאָטש דעם פּאַבסט זעלבסט האָבן מיר ניט געזען.

„איטאַליע דאַרף געוויס ניט מיינע מיינונגען וועגן איר שיינקייט. נאָר עס ווילט זיך מיר פאָרט זאָגן אַז רוים זעט אויס ווי אַ נאַציאָנאַלער מו־זעאום און צום מוזעאום זיינען איצט צוגעקומען בילדער פון וואָגלדיקע יידן פון די קעמפּס. מען זעט ווי אויף די וואָקזאַלן און אָפּיסעס פון דזשאָינט דיסטריביושאָן קאָמיטע. איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן ווי אַ גרופּע פון יונגערע אַזעלכע וואָגלער, אין די יאָרן פון צוואַנציק ביז פערציק, האָבן זיך אַרומגעבלאָנקייעט, ניט קענענדיק די שפּראַך און ניט האָבנדיק קיין פּלאַץ ווו זיך אָפּצושטעלן, זיינען געגאַנגען קיין רוים אין די גרויסע היצן מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, פול מיט אונצופרידנקייט און נערוועז, אַזוי ווי בעווילדערטע מענטשן וואָס זיינען ערשט אַרויס פון דער ווילדערניש, און מיט פאַרשיידענע דיאַלעקטן ווי: אונגאַרישע, פּוילישע, רוסישע און ליטווישע יידן. אויף מיין פראַגע: וווהין פאָרט איר? האָבן זיי געענטפערט

—ווי די אויגן וועלן טראָגן! אַבי ניט זיין מער אין די לאַגגערן פאַר היימ־לאָזע.

„דעם אמת זאָגנדיק, נאָך אַזאַ באַגעגעניש איז מיר און מיין פרוי שוין ניט איינגעגאַנגען אונדזער פאַרן קיין רוים. מיר האָבן נאָר געטראַכט און געדאַנקט גאָט וואָס מיר אין אַמעריקע ווייסן גאָרניט און מיר באַגעגענען ניט די קרבנות וועלכע קומען ערשט פון פייער אַרויס.

מיר האָבן באַזוכט די שול אין רוים. דער שמש האָט אונדז דערציילט פון דעם באַרימט געוואָרענעם רב וואָס האָט זיך געשמדט אויס דאַנקבאַרקייט צום פּאַבסט פאַר ראַטעווען זיין לעבן פון די נאַצי-פאַשיסטן און אים אויסבאַהאַלטן אין וואַטיקאַן.

„וועגן איטליענישן פאָלק, אויב מען דענקט ביי אונדז אין אַמעריקע אַז די איטאַליענער בײנקען ניט נאָך מוסאָלינען, מאַכן אַ גרויסן טעות. פון אינטעליגענט ביזן פויער אין קאפרי זאָגן אַלע אַז מוסאָליני איז פאַרפירט געוואָרן פון זיינע מיניסטאָרן.

ווי איר זעט, האָט זיך ווייניק וואָס געענדערט, מען האָט נאָר אָפּגעהאַקט די שאַרפע נעגל פון די נאַציס אָבער זייער גייסט איז פאַרבליבן אין פילע פלעצער נאָך אפשר שטאַרקער ווי פריער.

אין פּאַריז האָב איך זיך געטראָפן מיט בנימין טאָבאַטשינסקי און מיט מאָריס שוואַרץ און מיט זיי פאַרבראַכט. איצט רוען מיר זיך אָפּ ביי די ברעגן פון ים און פרובירן פאַרגעסן דיווירקלעכקייט.

---

# בערנארד האָרוויטש ע״ה

(אַ ליכטיקע פערזענלעכקייט אין אונדזער יידישער שיקאַגע)

מיר וועלן אָנהייבן פון זיין בוך „מיינע ערשטע 80 יאָר״. ווען איך שרייב פון ב. האָרוויטש, וויל איך שוין אויך דערמאָנען ה. ל. מייטעס, דעם סופּעראינטענדענט פון דער וואַסער־לייטונג אין שיקאַגע. מיט אָט די ביידע פערזענלעכקייטן האָב איך זיך געקענט און פוןביידן פיל געלערנט. אי־בערהויפּט וויפיל צייט עס האָט גענומען אויפצעבויען אַ יידיש לעבן אין שיקאַגאָ.

מר. האָרוויטש האָט מיר טיילווייז איבערגעגעבן די געשיכטע פון זיינע 80 יאָר לעבן: „קומענדיק אַלס יונגערמאַן קיין שיקאַגא, האָב איך כודם כל געזאָרגט וועגן פרנסה. יאָ, ס׳איז געווען אַ שווערער וועג, פול מיט דערנער. עס האָט גענומען אַ סך צייט און אַרבעט ביז איך האָב גע־קענט ווערן אַ פילאַנטראָפּ״. קומענדיק איצט פון קאַליפאָרניע, וווּ איך בין שוין אַ תושב, האָב איך דאָ, אין שיקאַגע, געפונען אַן אמתן קונסט־טעמפל אף טואי עווענין אויף זיין נאָמען, וווּ זיין פרעכטיק בילד שיינט אַרונטער פון וואַנט און באַגריסט די באַזוכער.

מר ב. האָרוויטש ע״ה איז געווען פון די אָנגעזעענסטע יידן אין שיקאַגא. אויף אים מעג מען זאָגן אַז ער איז געווען איינער פון די יידישע בויער וועלכע האָבן מיט לייב און לעבן זיך געווידמעט צו זיין פאָלק. ווי מר. האָרוויטש אַליין שרייבט, האָבן מיר זיך זייער אָפּט געטראָפן אין קאַ־ווענענט קלאָב און מיר איז געווען אינטערעסאַנט צו הערן פון אַמאָלי־קער שיקאַגא. עס איז ממש געווען פאַרכאַפּנד, עס האָבן זיך אָנטפּלעקט ווייטע האָריזאָנטן פון אַ דור און די הויפּט זאַך, ווי ער דערציילט, פון די קולטור־ווערטן פון זעלטענער היסטאָרישער באַדייטונג. עס לעבט פאַר אייך אויף אַ דור פון יידישע פיאָנערן אין אַמעריקע.

צו 80 יאָר האָט ער אַרויסגעגעבן אַ בוך אין ענגליש פון 428 זייטן און מיר עס געגעבן אַלס א מתנה. אין בוך גיט דער מחבר איבער זכרונות איבער דעם וווקס און פּראָגרעס פון שיקאַגא. דאָס בוך איז אַ זעלטענע אויסגאַבע, פּראַכטפול געבונדן און האָט אַ פאָרעדע פון דעם באַוווסטן געלערנטן דר. סאַלאמאָן ב. פריהאָף.

ב. האָרוויטש האָט עטלעכע מאָל באַזוכט ישראל. ער האָט ליב גע-האַט דאָס יידיש לאַנד און פאָלק.

צום שלוס מוז איך דערמאָנען אונדזער האַרציקן פריינט ה. ל. מייטעס וואָס האָט צו האָרוויטשן אַרויסגעוויזן פיל געטריישאַפט און אי־בערגעבנקייט. געהאָלפן בויען דעאָ קאווענענט קלאָב אום צו געבן אַ גע לעגנהייט די קינדער און קינדס־קינדער אויסצולעבן זיך קולטורעל, ווי אויך צו ווייזן זיי וואָס זייערע טאַטעס און זיידעס האָבן אויפגעבויט.

זאָל מיין קליינער צושטייער געפינען אַן אָרט ביי אונדז אין שי-קאַגא. איך נעם אַרייַן ב. האָרוויטשעס בריוו אין מיין בוך ווי זיי זיינען צו מיר געשריבן געוואָרן, ניט אויסגעבעסערט, ווייל ער איז געווען

אַמעריקאַניזירט און זייער זעלטן געשריבן יידיש. מיט מיר איז געווען אַן אויסנאַם.

מר. ב. האָרוויטש האָט פיל מיטגעהאָלפן אויפצעבויען דעם „קאָ־ווענענט קלאַב", ווו די אַמאָליקע טאַטעס פון די איצטיקע זין האָבן זיך אָפּגעטיילט פון די אַמעריקאַנער יענקיס און אויפגעבויט אַ פיינע היים פאַר זייערע קינדער. צום סוף זאָג איך אַז ב. האָרוויטש און ה. ל. מייטעס וועלן לעבן אייביק. ביידע האָבן געלייגט אַ ציגל צו אַ ציגל און אויפגע־בויט אונדזער יידישע שיקאַגאָ.

---

## בריוו פון ב. האָרוויטש צו דאָראַ שולנער

זייער געערטע פריינדין פרוי שולנער:

עס פרייט מיר זייער וואָס אונדזער פריינד מייטעס האָט מיר באַ־קאַנט געמאַכט מיט אַזאַ רייצנדע און אַנגענעמע שרייבערין ווי איר זייט.

עס טוט מיר לייד וואָס איך בין אַזוי פאַרנומען, אַז איך האָב ניט געהאַט די געלעגנהייט ביז איצט אייער בוך איבגאַנצן דורכצולעזן, באַר דאָס וואָס איך האָב יאָ געלעזן, איז זייער אינטערעסאַנט און אָנציענד.

אייער באַשרייבונג פון דעם קליינשטעטלדיקן לעבן אין רוסלאַנד, און וואָס זיי האָבן זיך אָנגעליטן פון דעם צאַר און זיינע באַרבאַרישע טשינאָווניקעס, איז זייער ווייטיקדיק און נאַטירלעך, עס מאַכט אַ גרויסן איינדרוק אויף דעם לעזער.

איך בין ניט, און האַלט זיך ניט פאַר אַ מבין אויף שרייבערס, אָבער אַזוי ווייט ווי איך פאַרשטיי, האָט איר טאַלאַנט וואָס איז כדי צו ענטוויקלען.

מיט גרויס אַכטונג,

ב. האָרוויטש.

---

מאַרטש 21, 1945

זייער געערטע פריינדין:

איך דאַנק אייך הערצלעך פאַר אייער גראַטולאַציע און וועגן מיין געזונדהייט און אויב מיר קענען זיך זען. צום ענטפער וויל איך אייך מיטטיילן אַז איך בין אויך געערנע מיט אייך זיך צו טרעפן, ווייל ווו געפינט זיך אַ פרוי וואָס איז אַן עכטע יידישע שרייבערין און דאַצו איז זי אויך אַ זעל־

טענע שיינהייט? לײדער קען איך אײך קײן געוויסע אַנטוואָרט געבן, ווײל איך לײד פון אַ קאָפּ קראַנקהײט וואָס ערלויבט מיר ניט צו זײן טעטיק און ווײס ניט ווי לאַנג עס וועט דויערן.

איך שרײב צו אײך אַ ליד:

געפעהרליך איז דעם לײב צוא וועקען,
פערדערבליך איז דעם טיגערס צאַהן,
דאָך דאָס שרעקליכסטע פון אללע שרעקין
איז דער מענש אין זײן וואַהן (צאָרין).

עס רײדען און טרוימען דיא מענשען זעהר פיל
פון בעסערע קינפטיגע טאַגען,
נאָך אַ גליקלעכען גאָלדענעם ציעל,
זעהט מען זײא לויפען און יאַגען

די וועלט ווערדט אַלט און ווידער יונג,
דאָך דער מענש האָפט אימער אויף פערבעסערונג.

געערטע פרוי שולנער:
ווי געפעלט אײך מײן טערקישע אידעש? נור אידען מוזען זאך מאַטערין אויף אַלעס.
איך האָב נור אײניגע ווערטער פּאַראידעשט, איך בין איבערצײגט אַז איהר קענט עס פיל פאַרבעסערין. מײן מײנונג איז אַז פון די צעהן צײלען קען מען לערנען גענוי וואָס מענשן זײנען.
מיט הערצלעכן גרוס פאַרבלײב איך, ב. ה.

---

מיט אונגעפער 8 מאָנאַט צוריק האָב איך געהאַט דאָס פאַרגעניגן צו מאַכן די באַקאַנטשאַפט מיט פרוי דאָראַ שולנער דורך אונדזער אונ־פאַרגעסלעכן פרײנט מײטעס. זײט דאמאָלס האָב איך געהאַט די געלעגנ־הײט זיך אָפט צו טרעפן מיט פרוי שולנער אין קאָווענענט קלוב און האָב איר גענוי קענען געלערנט. אַלס אַ מאַן אין די אַכציקער, האָב איך גע־

קענט און קען איצט אויך פילע מענער און פרויען, אָבער אַזאַ זעלטענע פרוי ווי דאָראַ שולנער האָב איך ניט געטראָפן. זי איז אַ יידישע שרייבערין און אַ פּאָעטין. פון אַ פיינעם גראַד. זי האָט געשריבן אַ בוך „אַזוי האָט עס פּאַסירט" וואָס איז אַנערקענט פון באַוווּסטע שרייבער און געלערנטע. זי האַלט איצט אין שרייבן נאָך אַ בוך וואָס וועט אָן צווייפל זיין עטוואָס זעל־טענעס, דערצו איז פרוי שולנער אַ זייער אַנציענדע פּערזענלעכקייט אין אויסזען און באַנעמען. אַלס אַ פרוי וואָס האָט אייניקלעך און זעט אויס שיין און יונג, מאַכט זי זייער אַן אַנגענעמען איינדרוק אויף יעדן וואָס ווערט מיט איר באַקאַנט.

מיט גרוס און פריינדשאַפט ב. האָראוויטש.

# שמואל א. וויטע, שיקאַגאָ

פּאַראַן מענטשן וואָס וואַרפן זיך אין די אויגן. זיי ווילן מ׳זאָל זיי דערזען. אויך ווילן זיי כבוד. זייער ביי־טראַג איז מיזערנע, דאָך שרייען זיי אַריבער די וואָס מ׳רופט זיי ל״ו־ניקעס, וועלכע גיבן מיט אַ ברייטער האַנט, אָן שום פאַרלאַנג מ׳זאָל זיי אויפרופן...

פון די שיינע און האַרציקע מענטשן איז חבר ש. א. וויטע. אין מיין אינטערוויו וואָס איך האָב אים געגעבן, האָט ער מיר דערציילט פון זיין יוגנט. פריינט וויטע איז נאָר וואָס געקומען פון ישראל, און ער קען אָנ־שרייבן אַ בוך פון זיינע איינדריקן. מיר האָבן ניט קיין צופיל יידן וואָס שטיצן דעם יידישן שרייבער און געבן אים מוט צו שאַפן. חבר א. וויטע טוט עס מיט פיל שיינקייט. איך וועל אים אַליין לאָזן רעדן פון זיין קינד־הייט און יוגנט אויף זיין באַשיידענעם שטייגער:

חשובע דאָראַ שולנער, איך געפין זיך איצט אין חיפה, ישראל, זייער אַ ווייטע שטרעקע פון אייך, אָבער דאָך נאָענט. דאָס לאַנד איז נאָענט צום האַרצן, אַ לאַנד וואָס איז ווערט צו לעבן דאָרט, קעמפן און העלפן זיך ענטוויקלען. עס איז אַ קליינע מדינה, אָבער אַ שיינע און האַרציקע. מיינע גרוסן צו אייך.

בלויז עטלעכע שטריכן פון מיין לעבן. איך בין געבוירן אין רוזען, עסטאָ־ניע, ווו ס׳איז ניט דערלויבט געווען יידן צו וווינען. אין מיין שטעטל זיינען קיין חדרים ניט געווען, האָט מען מיר, אַלס יונג קינד, געשיקט לערנען אין די ישיבות אין ליטע. כ׳האָב אויך געלערנט אין דער וועלט באַרימטער טעלזער

ישיבה. שוין דאַן, האָב איך געהאַט אינטערעס פאַר געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, און בין דאָרט געוועזן דער ערשטער סעקרעטאַר פון אַ פאַראיין. צו 18 יאָר האָב איך גראַדואירט די ישיבה און זיך געלאָזט אויפן וועג קיין אַמעריקע.

קומענדיק אין אַמעריקע, האָב איך מיין צייט געווידמעט ניט נאָר צו מאַ־טעריעלע ענינים, נאָר האָב זיך ערנסט פאַראינטערעסירט מיט די פּראָבלעמען פון יידישן פאָלק. איך בין געווען אַ ציוניסט פון מיין פריער יוגנט, אין עלטער פון 14 יאָר. איך האָב ערנסט שטודירט די ציוניסטישע ליטעראַטור און גע־זוכט צו געפינען אַן ענטפער אויף דער יידן־פראַגע. כ׳האָב אויך געזוכט נעענ־טער צו באַקענען זיך מיטן סאָציאַליזם, געמיינט אַז די ישועה פאַרן יידישן פאָלק וועט קומען פון סאָציאַליזם. שפּעטער בין איך געקומען צו דער איבער־צייגונג אַז די פּועלי ציון פּראָגראַם, וואָס איז אַ סינטעז פון ציוניזם מיט סאָ־ציאַליזם, איז דער בעסטער ענטפער פאַר דער יידן־פראַגע. דער ציוניסטישער סאָציאַליזם קען אויפן בעסטן אופן פאַרענטפערן די אומנאָרמאַלקייט פון דער יידישער לאַגע. די אידייאישע באַוועגונג האָט מיר געגעבן אַן אינהאַלט אין לעבן. מיט דער באַוועגונג בין איך פאַרבונדן אַלע מיינע יאָרן און דין איר מיט אַלע מיינע כוחות. איך האָב געשטיצט אַלע ישראל פאָנדן, איבערהויפּט דעם הסתדרות קאַמפּיין, וועלכער איז מיר זייער נאָענט צום האַרצן. איך האָב אַקטיוו מיטגעהאָלפן בויען דעם יידישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד, גע־גרינדעט צווייגן און געווען דער ערשטער סעקרעטאַר פון דיסטריקט קאָמיטעט פאַר דער מידל־וועסט. אַלע מיינע יאָרן האָט די אַרבעט פאַר ישראל און פאַר פאַרשטאַרקונג פון דאָס יידיש לעבן דאָ אין אַמעריקע, פאַרנומען מיין הויפּט אינטערעס און איז פאַר מיר תמיד געווען אַ קוואַל פון גייסטיקער דערהויבונג.

## טשאַרלס ליעסין, לאָס אַנגעלעס

פריינדין דאָראַ שולנער, נאָוועמבער 23, 1960

כ׳ווייס ניט צי איך האָלט צוריק דאָס אַרויסגעבן פון אייער בוך, אָבער ס׳איז מיר ניט צום האַרצן צו שרייבן וועגן זיך. אָבער, אָט האָט איר:

כ׳האָב באַלאַנגט צו דער דראַמאַטישער געזעלשאַפט אין שיקאַגאַ אַרום 10 יאָר, אין דער פּעריאָדע ווען בולאָוו האָט רעגירט, אַזוי צו זאָגן. פאַר דעם האָב איך געשפּילט אין אַמאַטאָרישע גרופּן, אָנפאַנגענדיק אין דענווער, קאָלאָראַדאָ. איך וויל דערמאָנען דעם רומענישן יונגערמאַן הירש־האָרן, וועלכער האָט דירעקטירט מיט דער גרופּע, אויב ניט מיט טאַלאַנט, איז מיט ליבע צו טעאָטער־שפּיל.

ביי בולאָוון האָב איך געשפּילט היפּשע ראָלן, נאָך מיין פּייאיקייט, אין צוויי זאַכן: אין „שבתי צבי" און אין „אַ שפּיל אָן אַ נאָמען". מער ווי 4 צענדליק יאָר האָב איך געווידמעט אין קולטורעלע אַרבעט, דערהויפּט יידישע דערציאונג אין די רייען פון אַרבעטער רינג. אין שיקאַגאָ—הויפּט־זעכלעך פאַר אַ יאָר צוואַנציק, און יעצט אין לאס אַנגעלעס — קאַרגע 4 יאָר. באַלאַנג פאַר פילע יאָרן און שטיץ דעם אַלוועלטלעכן יידישן קולטור קאָנגרעס, אַרבעטער קאָמיטעט, ייוואָ, שטיץ יידישע אויסגאַבן און צייט־שריפטן. מיט דעם וויל איך ענדיקן.

אייער טשאַרלס ליעסין.

---

## שמואל דראנדזשעק, לאס אַנגעלעס

אין יאָר 1912, ווען שמואל דראנדזשעק, אַן אָרעמער פּויליש־יידי־שער בחור פון וואַרשע, איז אָנגעקומען קיין דעטראָיט, האָט ער אפשר ניט געחלומט אַז ער וועט אין זיין גאַנצן לעבן פאַרדינען 25 טויזנט דאָ־לאַר. — אָבער לעצטנס האָט דער יידישער נאַציאָנאַל פאָנד אין לאס־אַנגעלעס מודיע געווען, אַז שמואל דראנדזשעק האָט מנדב געווען די סומע פון 25 טויזנט דאָלאַר פאַר אַ נחלה וואָס וועט טראָגן זיין נאָמען אין מדינת ישראל.

די 50 יאָר פון שמואל דראנדזשעקס אַקטיוויטעטן אין דער שטאָט דעטראָיט, זיינען אַ קלאַסישער ביישפּיל פון פאָלקסטימלעכן אידעאַליזם און איבערגעבנקייט, וועלכע זיינען געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם כלל־טוער און פאָלקס־מענטש פון יענע יאָרן. מיט זיין גאַנצער ענערגיע און יוגנטלעכן ברען, וואַרפט זיך שמואל אַריין אין דעם לעבן פון דער וואַקסנדיקער יידישער קהילה פון דעטראָיט. ווען די אידייע פון וועלט־לעכע יידישע שולן ווערט געבראַכט קיין דעטראָיט, איז שמואל פון די פּיאָנערישע בויער און ערשטער ביישטייערער פאַר די יידישע שולן אין דעטראָיט. ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז שוין שמואל טעטיק אין דעם „וואַרשעווער קלוב", וואָס ער האָט אָרגאַניזירט; און צענדליקער טויזנטער דאָלאַרן ווערן געשאַפן דורך דעם קלוב פאַר נויט־באַדערפטיקע יידן מעבר לים און אין דעטראָיט גופא.

ביי דער ערשטער געלעגנהייט באַזוכט שמואל דראָנדזשעק מזרח־

אייראָפּע; און ווען ער האָט אין זיין געבורט־שטאָט, וואַרשע, דערזען די דחקות און די נויט פון די יידישע פאָלק־שולן דאָרט, ברענגט ער קודם כל זיין אייגענע ביישטייערונג; און ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אַהיים קיין דעטראַיט, גרינדעט ער אַ קאָמיטעט צו העלפן דעם יידישן שול־וועזן אין פוילן. אַ דאַנק זיין ענערגיע און איבערגעבנקייט, צוואַקסט זיך דער קאָמיטעט; און אין אַ גרעסערע צאָל שטעט אין אַמעריקע ווערן געשאַפן ענלעכע קאָמיטעטן, לויט דעם מוסטער פון דעטראַיט.

יעדן יאָר, ביז חורבן היטלער, ימח שמו, ווערן, אַ דאַנק שמואל דראַנדזשעק׳ן איבערגעשיקט פילע טויזנטער דאָלאַרן וועלכע האָבן אַן אַ שיעור געהאָלפן די גרויסע נעץ פון יידישע דערציאונגס אַנשטאַלטן אין פוילן. גלייכצייטיק באַטייליקט זיך דער ענערגישער שמואל אין די קול־טור און דערציאונגס אינסטיטוציעס אין דעטראַיט און איבערן גאַנצן לאַנד.

ווען עס איז געקומען דער רוף פון דער אַרבעטערשאַפט אין ארץ־ישראל פאַר הילף און דערמוטיקונג, איז שמואל פון די ערשטע צו געבן זיין חלק און פון די ראשונים אין די רייען פון געווערקשאַפטן קאַמפּעין— פאַר דער היסתדרות העובדים. ווען דער יידישער נאַציאָנאַלער אַרבעטער פאַרבאַנד האָט באַשלאָסן צו בויען אַ קעמפּ אין טשעלסי, מישיגען, איז חבר שמואל ווידער פון די ערשטע צו העלפן אויפשטעלן די בנינים; און מיט זיין ענטוזיאַזם אויך מיטגעריסן אַנדערע חברים צו מעשים.

אין יאָר 1932, ווען די אַנטי־יידישע געזעצן פון דער פוילישער רעגירונג אונטער גראַבסקין האָבן אונטערגעגראָבן די עקאָנאָמישע עק־זיסטענץ פון טויזנטער יידישע משפחות, האָט זיך דער פוילישער פאַר־באַנד אין אַמעריקע אונטערגענומען צו העלפן די דאָזיקע משפחות. דער דעמאָלטדיקער פירער פון פוילישן פאַרבאַנד, ז. טיגעל ע״ה, האָט דאַן באַזוכט שמואל דראַנדזשעקן אין דעטראַיט וועגן דער הילפס־אַקציע פאַר די געררוידפטע פוילישע יידן. דראַנדזשעק שטעלט זיך גלייך אין דער שפּיץ פון אַ פאַרבאַנד פון פוילישע יידן אין דעטראַיט, וואָס ער האָט אָרגאַניזירט, און אין גאָר אַ קורצער צייט שיקט אַריבער דער דעטראַי־טער קאָמיטעט גרעסערע סומעס געלט פאַר אָט דער וויכטיקער הילפס־אַקציע פאַר די פוילישע יידן אין די דרייסיקער יאָרן.

אין 1954 באַזעצט זיך שמואל דראַנדזשעק אין לאָס אַנגעלעס, קאַ־ליפאָרניע, און איידער וואָס ווען, איז דער דינאַמישער שמואל געוואָרן אַן

אַנגעזעענער טוער אין אַ צאָל קולטורעלע און אַרבעטער־ציוניסטישע אינסטיטוציעס אין שטאַט. איבערהויפּט, אָבער, איז ער טעטיק פאַר דעם קרן קימת לישראל און פאַר די אידעאַלן פון גאולת הארץ. זיין ביישטייע־רונג פון 25 טויזנט דאָלאַר פאַר דעם יידישן נאַציאָנאַל־פאָנד, איז אַן אויפריכטיקער און ערנסטער אויסדרוק פון דאַנקבאַרקייט פאַר אַ דער־פאָלגרייכן, אַקטיוון לעבן און פון איבערגעבנקייט צו די אידעאַלן פון יידישן המשך און צו דער זעלבסטשטענדיקייט פון ישראל.

# רחל לעווענסאָן

איך האָב כמעט פאַרענדיקט מיין בוך „פּערזענלעכקייטן אין יידישן לעבן", מיין פינפטן און לעצטן בוך, ווי עס ווילט זיך מיר פאַראייביקן די סאַמע שענסטע מענטשן. און דאָ, שפּאַצירנדיק ביים ים, איז פּלוצלונג דער־שינען פאַר מיר רחל לעווענסאָן. צוואַנציק יאָר ניט געזען רחלען. אין די דאָזיקע יאָרן זיינען אַ סך וואַסערן פאַרלאָפן, זייער פיל מענטשן גע־פינען זיך ניט מער צווישן די לעבעדיקע. רחל איז מיר פאַרשוונדן פון האָריזאָנט.

ווען מיין ערשט בוך „אַזוי האָט עס פּאַסירט" איז דערשינען, האָב איך זיך ביי מיינער אַן אונטערנעמונג אין לאָסאַנגעלעס באַקענט מיט רחלען. רחל האָט געלייענט אויסצוגן פון מיין בוך און זי האָט מיך אי־בערראַשט מיט איר פיינער דיקציע און אופן פון לייענען און ברענגען דאָס יידישע וואָרט צו די צוהערער. זי האָט מיך ממש איבערראַשט ניט נאָר מיטן לייענען און רעדן, נאָר אויך מיט איר פּערזענלעכקייט. זי זעט אויס ווי „די מוטער" ביי מאַקסים גאָרקי, דורך און דורך מוטערלעך. אירע קנייטשן דערציילן פון אירע איבערלעבונגען וועלכע זיינען ניט פאַר־בייגעלאָפן, נאָר זי האָט זיי איבערגעלעבט ניט נאָר אין איר אייגן לעבן, נאָר אויך מיט אירע מיטמענטשן.

רחל האָט זיך איינגעלעבט אין אַלעמענס לעבן. זי פאַרמאָגט אָט יענע מאַמישע וואַרעמקייט, אין וועלכער מיר אַלע בייטיקן זיך. רחל איז געווען פון די ערשטע צו בויען די יידישע פרויען לייען־קרייזן אין פאַר־שפּרייטן דאָס יידיש בוך.

מיר האָבן זיך באַקענט און די צייט האָט אונדז צעשיידט אויף 20 יאָר. איך האָב אַרומגעוואַנדערט איבער דער וועלט און רחל איז אויך אויף איין אָרט ניט געזעסן. פריער לאָנדאָן, דערנאָך ניו־יאָרק. שפּעטער האָט רחל חתונה געהאַט מיט לעווענסאָנען אין דעטראָיט. איר מאַן, איר זון, איר היים — אַלץ איז פאַר רחלען אַן אוצר. אָבער, זי גיט ניט אויף אירע פריינט וועלכע זי האָט ליב, און אירע פריינט האָבן ליב רחלען.

מ׳קען זאָגן, אַז רחל לעווענסאָן איז פון די פּערזענלעכקייטן וועלכע בויען אומעטום, וווּ נאָר ס׳איז דאָ יידיש לעבן.

די לעווענסאָנס באַזעצן זיך אין קאַליפאָרניע. אויך דאָ דערפילט רחל דעם באַדן אונטער אירע פיס.

רחל גיט מיר איבער פּרטים פון איר ליבע צום יידישן פאָלק-ליד; געניוע הונדערטע לידער האָט זי געשאַפן, געזאַמלט, געפונען די מוזיק צו זיי, און די זאַמלונג איבערגעגעבן צום באַוווסטן שרייבער י. ל. קאָן, אַ זייער נאָענטער חבר פון רחלען און ער נעמט זיי אַריין אין זיינע צוויי ביכער געזאַמלטע לידער פאָלקלאָר.

רחל באַדויערט דעם טויט פון איר פריינט און חבר י. ל. קאָן, וועלכן די יידישע ליטעראַטור האָט פאַרלוירן. ניט לאַנג צוריק איז אַוועק אין טיפן עלטער איר ליבער מאַן, וועלכער איז אַלע יאָרן געווען אַ האַרציקער לעבנסבאַגלייטער און חבר. לעווענסאָן איז מער ניטאָ. מיר ערן זיין ליכטיקן אָנדענק.

זייער איינציק זון, דניאל לעווענסאָן, איז אַ פּראָפעסאָר פון פּסיכאָלאָגיע אין האַרדוואַרד אוניווערזיטעט. ער שאַצט זייער הויך זיין מוטער וואָס וווינט אין וועניס, קאַליפאָרניע.

רחל וווינט מיט אַ סך מענטשן אין אַ גרויסן האָטעל ביים ים. זי איז אַ טרייסט צו זייערע אַלטע יאָרן. לאַכט מיט זיי און צייטנווייז וויינט זי אויף זייער עלנד לעבן, אָבער זי לינדערט זייער עלנטקייט מיט איר חברישער ליבע; זי שרייבט פאַר זיי בריוו צו זייערע קינדער און די פרייד זייערע איז אומבאַשרייבלעך וואָס זיי דאַרפן אפילו ניט דיקטירן. רחל ווייסט אַלץ וואָס זיי פעלט און אַ צעשטראַלטע דערציילט זי מיר ווי זי איז מיט זיי אויסגעבונדן.

יאָ, רחל איז אויך אויסגעבונדן מיט אַלע וועלט באַרימטע יידישע שרייבער און ווען זי דערציילט פון שרייבער, פילט מען די גרויסע ליבע

צו זייערע שאַפונגען.

פון איר דערציילן דערוויס איך זיך פון אַ שטעטעלע טשמעראָוויץ, פּאָדאָליער גובערניע. צו 14 יאָר לאָזט זיך רחל אליין אַרויס אין דער ברייטער וועלט. די ערשטע סטאַנציע איז געווען ביי איר פעטער אין לאָנדאָן. קיין האַניק האָט רחל דאָרט ניט געלעקט ביי איר פעטער וועלכער איז געווען זייער אַ פרומער. פון לאָנדאָן איז דאָ גאָר אַ גרויסע באַשרייבונג. איך לאָז עס איבער צו דער שרייבערין אַז זי זאָל אַליין שילדערן איר לעבן. חוץ שרייבן איז רחל אַ גרויסער מבין אויף שרייבער. אירע אָפּשאַצונגען זיינען הימל הויך.

רחל לעווענסאָן איז, ווי שוין פריער דערמאָנט, אַ געטרייע מוטער וועלכע וואַכט איבער אירע קינדער. זאָלן מיינע עטלעכע ווערטער דערפרייען איר האַרץ און זאָלן אירע פריינט, פון נאָענט און פון ווייט, דערפילן רחל לעווענסאָן וועלכע דערציילט זייער שיין אירע באַגעגענישן מיט שרייבער און דיכטערינס; זי איז אַ געטרייע בויערין פון ישראל ווי אויך פון דער יידישער פרעסע.

ווען איר קומט צום ים און זעט דעם גרעסטן און שענסטן האָטעל — דאָרטן וועט איר געפינען רחל לעווענסאָן.

# האליוואוד, קאליפארניע

ווער ווייסט ניט אַז אין האָליוואוד ווערן געמאַכט די מיליאָנען דאָלאַרדיקע מוּווים. פון האָליוואוד רעדט מען איבער דער גאַנצער וועלט. אַ מין לעגענדע. דאָרטן לויכטן אויף „שטערן" און ווערן גיך פאַרלאָשן; דאָרטן לעבן די שוישפּילער ווי מיליאָנערן, אין פּאַלאַצן; דאָרטן איז אַ חלום אויף דער וואָר; די טאָכטער שטעכט דער מאַמעס געליבטן; דאָרטן צעבלוטיקן זיך די גרעסטע „סטאַרס" אין אַ רעסטאָראַן; דאָרטן שטאַרבן די שענסטע אַרטיסטן נאָך זייער יונג און אַלטע גדולים לעבן פון בעטלברויט. אַ מעשה פון טויזנט און איין נאַכט. דאָס שענסטע איז, וואָס דער נאָמען „האָליוואוד" איז גאָר אויסגעטראַכט. די פיינסטע טעלעוויזיע סטאַנציע פון סי. בי. עס. געפינט זיך גאָר אויף בעווערלי בולוואַרד.

האליוווד איז אַ גאַס אַזוי ווי אין ניו-יאָרק פינפטע עוועניו אָדער פּאַרק עוועניו, און אין שיקאַגע — שערידאַן ראָוד. האליוווד בולוואַרד הייבט זיך אָן פון ווערמאָנט און ציט זיך ביז בעווערלי הילס. דאָרטן, אין די בערג, געפינען זיך די היימען סיי פון די טויטע און סיי פון די לעבעדיקע שוי-שפּילער, ווו די כוואַליעס רוישן און דער ים בייזערט זיך, דאָרטן ווערן געמאַכט די מוווּיס.

די מוווי קאָלאָניעס זיינען אַרום מיר, דאָ ווו איך וווין. זיי געפינען זיך אויף סאַנסעט און ווייַן, אויף סאַנטאַ מאָניקע בולוואַרד און אויך אויף מעלראָס. אַלע גרעסטע טעאַטערס און מוווי־הייזער זיינען אויף האַליוווד בולוואַרד.

איך וווין אין האַרץ פון האליוווד בולוואַרד. גיי איך שפּאַצירן און באַטראַכט די לעגענדע פון גאָלד און טרערן, און איבערהויפּט די אויסטער־לישע טיפּן. איר מוזט זיך אָפּשטעלן און זיי נאָכקוקן און באַוווּנדערן.

די סטודיאָ פון לוסיל באָל און איר מאַן, זיינען אַ פּאָר בלאָק פון מיין האָטעל. שאַ, שטיל, ווען זיי שיסן די סעריעס וואָס ווערן געשפּילט טעגלעך, הערט מען ניט. אַזוינע הויכע, געמויערטע ווענט רינגלען אַרום די סטודיאָס, מיטן אויג ניט צו דערגרייכן.

מיין טאָכטער, חנהלע, האָט געקראָגן צוויי פרייע בילעטן און מיר האָבן באַזוכט די „פּאַראַמאָונט סטודיאָ”, ווו מען מאַכט די מוווּיס. גראָד דעם טאָג האָבן די גרויסע אַקטיאָרן ניט געמאַכט קיין פּראָבע. בלויז די עקסט־ראַס שפּאַצירן אין די גאַסן פון פּאַראַמאָונט, אַ טויטע שטאָט, אָבער זייער אַ באַוועגלעכער רעסטאָראַן. דאָס עסן איז טעם גן־עדן. הויכע פּאַלמעס, סאַזשעלקעס לויטערע און גאָלדענע פישעלעך שווימען דאָרט אַרום.

ניין, די גרויסע סטאַרס זעט מען ניט אָן, זיי וואַרפן זיך ניט אין די אויגן. ווען זעט מען יאָ? מען זעט די לויפער, די פליער, די דרייערס, די פּובליסיטי קלאַפּערס וואָס טומלען: זיי מאַכן חתונה, זיי גטן אָפּ, זיי לאָדן זיך, טומלען זיך און אַרבעטן מעשים. אין רעסטאָראַן איז טומלדיק, די עקסטראַס גייען אַרום אָנגעטאָן אין זייערע שפּיל־קליידער און גרימירט.

אויף ווייַן און סאַנסעט געפינט זיך די ען-בי־סי געביידע, ס'איז דאָרט אַן אמתער יריד. אַזעלכע שיינהייטן האָט נאָך די וועלט ניט געזען. אַלע האָבן זיך אָפּגעפאַרבט די האָר אַלאַ זשעקאַלין קענעדי, און זייער חן בלענדעט דאָס אויג. הייַנט ווי עס בליצן זייערע אויגן, זאַפטיקע ליפּן. אַך

די יוגנט, זי זאָל זיין געבענטשט! די שיינהייטן עסן אין ביליגע קאַפּעטע־ריעס, וואַרטן אויף זייער צייט ווען מ'וועט זיי רופן. דערווייל זיינען זיי הונגעריק און ווערן קעלנעריגס. אַזעלכע שיינהייטן ווערן גאַסן־מיידלאַך, אַלץ צוליב האָליוווּד, וואָס איז אַ גאַס ווי אַלע גאַסן איבער אַמעריקע, אַ חוץ גרויסע געשעפטן. איין געשעפט איז שוין אַלט אַרום הונדערט און פופציק יאָר — די בראָדוויי — אַ גרויסער הורטאָווער געשעפט, און מיר קומט זיך אויסצודרייען אין דעם וויר־וואַר צוליב מיין זון וואָס ער מוז אַרבעטן אין בעווערלי הילס, וווינען מיר אין ראָסמאָר, פּונקט אַנטקעגן ריוועוונסוווד האָטעל. דער האָטעל באַלאַנגט צו מעי וועסט; זי וווינט דאָ. די גאַס איז ווי אַ פּאַרק, אַ קאַטוילישער קלויסטער דערביי. אַ קעניג זיצט אין דרויסן אויף זיין קעניגלעכן טראָן מיט בענק אַרום אים, אויף זיין קאָפּ טראָגט ער די קרוין און מאַכט די גאַס אויסזען הייליק. איצט, ווען איך שרייב וועגן האָליוווּד, איז מיין פּען שוואַך צו באַשרייבן גאָטס שיינקייט.

דאָ, ווו מיר וווינען, קאָסט ניט צו פיל, אָבער אויך ניט צו ווייניק. די פענצטער קוקן אַרויס צו די בערג, די בערג טראָגן אויף זיך פּאַלאַצן; די פּאַלמעס קוקן אַרויף חנעוודיק צום הימל. דער גאַנצער אַרום דערציילט פון דער געטלעכקייט וואָס די מענטשן האָבן קולטיווירט און מיט דער קולטור געבראַכט דעם שטויב און ביטערקייט אין די אויגן. די ערד איז שוין שווער צו טראָגן די שווערע געביידעס און מענטשן טומלען זיך און באַרימען זיך מיט האָליוווּד.

האַליוווּד איז אויסגעשפּילט פון אָנהויב ביזן סוף. דער נאָמען איז בלויז געבליבן.

מיין צווייטע באַשרייבונג וועט זיין — „דער ים וואָס רוישט אין ווענים, קאַליפאָרני"ע. דערווייל גענוג.

# עלנד

מרס. סערע האָט שלום געמאַכט מיט איר עלנד לעבן; פיר מאָל חתונה געהאַט, אַלע פיר מענער געשטאָרבן; קיין קינדער קיינמאָל ניט געבוירן; איר טראַכט האָט ג׳ פאַרשאָלטן. איז וואָס זאָל זי טאָן צו 70 יאָר?

זי וואָלט געקאָנט צום פינפטן מאָל אויך חתונה האָבן. זי האָט מזל צו מענער. מרס. סערע פעלד איז אַ זאַפטיקע, געזונטע אידענע, קען קאָכן און באַקן און האַלטן ריין אַ הויז.

איז גיי און האָב צום פינפטן מאָל חתונה? ניין, זי וועט עס מער ניט טאָן. אָבער, עלנד ווי אַ שטיין.

פון אַלע פיר מענער איז איר געבליבן ניט צו פיל. אָבער אַרבעטן דאַרף זי ניט גיין, זי האָט גענוג צו צאָלן פאַר איר דירה און זיך האַלטן אין אָרדענונג.

די וואָס קענען איר, רופן זי ביי איר ערשטן נאָמען — סערע. מ׳רופט סערען אויפן טעלעפאָן! די גאַנצע וואָך איז ניט אַזוי שלעכט, ביטער איז איר בלויז שבת און זונטיק, און אַז עס קומט צו אַ יום־טוב, דעמאָלט זאָל איר עלנדקייט קומען פאַר גאָט. עס איז אַ גליק וואָס זי וווינט ניט ווייט פון אַ פּאַרק. קומט זי אַרויס צווישן צוויי אַזייגער און פטורט די צייט ביז אַרום זעקס פאַרנאַכט; נאָכדעם קומט זי אַריין אין איר שטוב, מאַכט ליכטיק און דרייט אויף די טעלעוויזשאָן. דאָרטן איז גאָר אַ הו־האַ, מען מאָרדעוועט זיך און מ׳הרגעט און מ׳שיסט אויף וואָס די וועלט שטייט.

אַך, וואָלט איצט עמעצער צו איר אַריינגעקומען... ניין, אַליין קומט מען ניט, מען דאַרף רופן און בעטן מ׳זאָל קומען עסן. סערען גלוסט זיך ניט צעלייגן די קיך מיט עסן; זי פוילט זיך צומאָל פאַר זיך מאַכן עסן.

היינט איז סערען באַזונדערס אומעטיק. היינט איז פּורים. אַמאָל, אַז זי איז געווען אַ באַלעבאָסטע, האָט זי געוווסט פון אַ יום־טוב, אָבער פון זינט זי איז געבליבן אַליין, איז קיין שום יום־טוב ניטאָ.

סערע וווינט אין די וועסט, ווו ס׳איז אייביקער פרילינג; די זון שיינט, די בלומען בליען. פּורים איז גאָר זומער.

סערע וויל פאַרגעסן אין איר פאַרגאַנגענהייט. ווי גוט עס טראַכט זיך פון איר ערשטן מאַן. ער איז איר געשטאָרבן באַלד נאָך דער חתונה.

ער איז געווען אַ קראַנקער. גיי ווייס אַז באַך זיין טויט וועט זי תיכּף חתונה האָבן מיט אַ געזונטן מאַן, טאָקע זיין נאָמען טראָגט זי. ער איז געווען אַ געטרייער. קיין קינדער זיינען ניט געקומען, דאַרף מען ניט. מיט פעלדן האָט זי געדענקט וועט זיך איר לעבן איינשטעלן. אַרום 15 יאָר מיט אים געלעבט, און, פּלוצלונג—ניטאָ.

מילא, וואָס האָט זי געקענט טאָן? עלנד ווי אַ שטיין!

האָט זיך באַלד צו איר צוגעשלאָגן דער דריטער. געווען אַ פריילע־כער, ליב געהאַט טאַנצן. ער האָט איר דערמאָנט אין אירע מיידעלשע יאָרן, אין אירע חלומות.

אַ יתומה געווען. דעם ערשטן מאַן האָט זי זיך אַליין אויסגעשדכנט, געמיינט זי וועט פאַרזיצן. גיי ווייס אַז ער וועט איר זיין שלימזלדיק.

דעם דריטן, האָט זי, מ׳קען זאָגן, ליב געהאַט. קומט אַ מין אויס־כאַפּעניש און ער איז שוין — נ י ט אָ !

סערע וויל ניט טראַכט פון די מענער וואָס זיינען ביי איר געשטאָרבן. יעדער מאַן האָט איר איבערגעלאָזט אַ ווונד אין האַרצן. זיי גייען אַליין ניט אין דער ערד, מען מוז זיי באַגראָבן.

מיטן פערטן איז געווען גרויסע צרות. ער איז געבליבן אַן אלמן. סע־רען איז אויפן זינען ניט געקומען חתונה האָבן, דריי איז געגוג. זיין ווייב איז ערשט געווען צוויי חדשים אַוועק, ערשט ער דערזעט מרס. פעלד און ווערט צוגעזאָטן צו איר.

זי איז געווען אומגליקלעך. אָבער דער פערטער איז געווען דער בעסטער. דריי יאָר מיט אים געלעבט, און געשטאָרבן איז ער אין גאָס.

סערע גלויבט זיך ניט אַז זי האָט אַלץ דורכגעמאַכט, אָבער דאָס לעבן גייט אָן. שוין ווידער אַרום דריי יאָר אַליין.

זי טראָגט אירע 70 יאָר ווי אַ העלד. גאָר אַ קלייניקייט—פיר מענער.

לעצטנס האָט איר די עלנדקייט אַריינגעטריבן ווי אין אַ טעמפּן ווינקל. נאָכאַמאָל חתונה האָבן?

זיצנדיק אין פּאַרק, באַגעגנט מען זיך מיט פיל מענטשן. סערע זוכט ניט קיין שידוך, אָבער אַ מאַן האָט איר אָנגעהויבן נאָכגיין. איבערהויפּט אַז עס קומט יום־טוב, שטעלט ער זיך צו. ער נעמט זי אַרויס, ער רעדט איר איין אַז אין צווייען קאָסט ביליגער. דעם האָט סערע ניט דערציילט פון אירע פיר מענער, געזאָגט דריי. דעם ערשטן רעכנט זי ניט, אָבער

פון דריי ווייסן אַ סך פון אירע פריינט. צו וואָס זאָלן אַנדערע אים דערציילן?

זיין נאָמען איז נעטקער. מר. נעטקער איז אַרום 75 יאָר, אַ קרעפּ־טיקער ייד, און זאָגט איר: — „מרס. פעלד, איך בין פאַר איך דער ריכטיקער שידוך. היינט האָבן מיר פורים, און אויף פסח איה״ש, וועט איר זיין מיין מלכּה. איך האָב פאַר אייערע דריי מענער ניט מורא, וואָס קענען זיי מיר טאָן?״

ביי מרס. פעלד שטייען טרערן אין די אויגן! ער ווייסט נאָר פון דריי. ווער ווייסט? אפשר וועט ער זי איצט איבערלעבן?

אַ שוידער לויפט איבער איר לייב. זי וויל אים זאָגן ניין, אָבער איר עלנד לעבן, איר איינזאַמקייט זאָגט איר אונטער ניט אָפּצוזאָגן אים. — היינט איז יום־טוב, אַ טאָג פון פרייד און לעבן — פורים, און זי צע־שמייכעלט זיך חנעוודיק און זאָגט: „מר. נעטקער, איר האָט געוואונען, זאָל זיין מיט לאַנגע יאָרן.

און מר. נעטקער צעשפּילעט דעם אויבערראָק, נעמט אַרויס אַ טייער בריליאַנטענעם פינגערל, און זאָגט: „סערע, דו ביזט ביי מיר די צווייטע פרוי, טראָג עס געזונט, געקויפט שוין לאַנג פון דיינטוועגן!״

סערע, אַ צעשטראַלטע, האָט זיך געלאָזט אָנטאָן דאָס רינגעלע, און ווען מר. נעטקער האָט סערען געדריקט צו זיין האַרצן, האָט זי שטיל גע־בעטן ביי גאָט אַז ער זאָל זען איר עלנדקייט און אים לאָזן לעבן מיט איר נאָך אַ פּאָר יאָר און אפשר טאַקע עטלעכע יאָר, ווער ווייס? . . .

# שושו

שושו, אַ קליינינקע, אַ דאַרינקע, אַן איינגעשרומפּענע אַלטיטשקע. שושו באַוווינט אַ קליינעם אַפּאַרטמענט אין האליווד. איר וווינונג איז אין סאַמע צענטער פון דער רוישיקער גאַס האליווד בולוואַרד.

שושו איז אַמאָל געווען אַ באַוווסטע שוישפּילערין. אין אירע גאָר יונגע בליענדע יאָרן, האָט זי פאַרלאָזט איר מאַן, אירע קינדער און זיך איינגאַנצן געווידמעט צו דער בינע. קיין פאַרערער האָבן שושון ניט גע־

פעלט. איר אייגנאַרטיקער חן האָט אַלעמען ענטציקט, איבערהויפּט איר ליבער שמייכל.

אירע יאָרן זיינען שנעל געלאָפן, און איידער שושו האָט זיך אַרום־געקוקט, איז זי, ווי פון זיך אַליין, געבליבן די געוועזענע גרויסע קינסט־לערין, געבליבן אַליין. קיין פאַרמעגן האָט שושו ניט פאַרגרייט. איר מאַן איז שוין לאַנג געווען טויט און אירע קינדער האָבן מיט דער מוטער קיין שום פאַרבינדונג ניט געהאַט. אַמאָל, אַמאָל שרייבן זיי צו איר אַ קורץ בריוועלע.

ניין, שושו מוסרט ניט אירע קינדער. זי בעט ביי זיי גאָרניט. שושו איז פאַרזאָרגט פון דער רעגירונג מיט אַ גוטער פּענסיע פאַר איר בכבודיקן עלטער און זי קומט דורך, צאָלט אין צייט איר דירה געלט און לעבט איר געמיטלעכן עלטער אין שטילקייט.

שושו דערוואַרט שוין פון איר לעבן גאָרניט. אירע פאַרגאַנגענע יאָרן לעבן אויף ווען זי קוקט אַריין אין דעם גרויסן בוך וואָס דאָרטן געפינען זיך יענע פריידיקע יאָרן פון איר דערפאָלג. אירע קריטיקן, אירע בילדער, די הויפּט זאַך — איר יוגנט וואָס איז אַזוי שנעל אַוועקגעפלויגן.

שושו ווייסט אַז זי איז אַלט און פּרוווט עס ניט באַהאַלטן. פון צייט צו צייט קומען צו איר געסט, פאַרערער פון אירע אַמאָליקע יאָרן, אָדער מענטשן וועלכע זיינען טשעקאַווע אָנצוקוקן די באַרימטע אַקטריסע. איר נאָמען איז נאָך אַלץ באַוווּסט און פילע פרעגן צי זי לעבט נאָך? יאָ, שושו לעבט. זי שמייכלט האַרציק צו אירע באַזוכער און איז זיי דאַנקבאַר פאַר זייער אינטערעס זי צו וועלן זען.

שושו׳ס צאַרט, צעקנייטשט פּנים ווערט יונג ווען אַ פאַרערער קלינגט איר אָן און קומט אַרויף צו איר. די מערסטע באַזוכער זיינען שוישפּילער. זיי ברענגען שושון בלומען, קוקן זי אָן און דערמאָנען איר, ווי זי, די גרוי־סע אַרטיסטין, האָט געשפּילט, און זיי, נאָך דעמאָלט די ניט־באַוווּסטע, האָבן געהאַט די זכיה מיט איר מיטשפּילן.

אָך ווי שושו וויל דעמאָלט וויינען. אָבער, אָנשטאָט וויינען, שמייכלט זי און דאַנקט פאַר די גוטע דערמאָנונגען.

שושו נעמט אויף געסט ווען נאָר דער גאַסט וויל קומען. איר באַ־

שיידענע דירה דערציילט פון שושו׳ס לעבן, פון איר פאַרגאַנגענהייט.

שושו לייענט זייער פיל. זי האָט קאָנטאַקטן מיט דער טעאַטער וועלט. איין מאָל איז שושו, גאָר אומגעריכט, איבעררעאַשט געוואָרן ווען איינער פון די אַמאָליקע יונגע שוישפּילער איז צו איר געקומען מיט אַ באַזוך און איר געבראַכט בלומען.

יאָ, שושו קריגט בלומען פון אומעטום, ווער עס קומט קיין האָלי-וווּד דערמאָנט זיך אָן דער אַמעריקאַנער שיינהייט און פרעגן זיך נאָך אויף איר געזונט.

שושו וועט אייביק געדענקען יענעם פרימאָרגן, ווען דער באַוווּסטער אַרטיסט, קאָמעדיאַנט, קומענדיק קיין האָליוווּד, האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף שושו׳ן און צו זיין איבערראַשונג זיך דערוווּסט אַז שושו לעבט און איז גליקלעך מיט אירע באַזוכער וואָס ברענגען איר גרוסן פון יענע יאָרן וועלכע זיינען שוין לאַנג פאַרלאָפן.

דער איצטיקער באַוווּסטער קינסטלער האָט שושו׳ן געקויפט די שענסטע רויזן און, צוקומענדיק צו איר וווינונג געבליבן שטיין מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ... שושו, די שיינהייט וועלכע ער האָט קיינמאָל ניט פאַרגעסן. און איצט, שטייענדיק פאַר איר טיר, האָט ער שטיל אָנגעקלונ-גען און נאָך שטילער האָט ער דערהערט איר שטימע — ביטע.

ער האָט פאַר זיך דערזען שושו׳ן מיטן זעלבן ליבן שמייכל. שושו האָט אים האַרציק געדאַנקט פאַר די שיינע בלומען און דער גרויסער אַר-טיסט האָט געקושט אירע גרויע האָר און אירע צאַרטע הענט. ער איז געשטאַנען פאַרגאַפט און זי באַוווּנדערט, זיך אַרונטערגעלאָזן פאַר שושו׳ס פיס, זיין שיינעם קאָפּ באַהאַלטן אין איר שויס, און זיינע ליפּן האָבן גע-מורמלט אַ תפילה, — „אויב דאָס איז די עלטער, זאָל זי זיין געבענטשט!״

און ווען דער באַרימטער אַרטיסט איז שוין לאַנג געווען אַוועק, איז נאָך שושו געווען ווי אין אַ חלום, שטיל מיט זיך אַליין זיך געפרייט. די רויזן האָבן שושו׳ן דערמאָנט אַז זי לעבט און די הויפּט זאַך, מען גע-דענקט איר.

טרערן זיינען געלאָפן פון שושו׳ס אויגן. די אייביקייט זאָל זיין גע-בענטשט — האָט שושו שטיל געבעטן.

---

# די פיאַנא האָט געוויינט

געווידמעט מיט ליבע צו עטל סאָוואַל

מיינע שכנים האָבן ניט געצאָלט דריי חדשים קיין דירה־געלט, איז אונדזער באַלעבאָס געגאַנגען ווו מ'דאַרף גיין און אין אַ פּרייטיק פרי זיינען געקומען דריי געזונטע טרעגער, מיטן שעריף בראש, און אָנגעהויבן אַרויסטראָגן מעבל: אַלטע בעטן, אומריינע מאַטראַצן, צעבראָכענע בענקלעך, אַ נייע וואַש־מאַשין, צוויי נייע טעלעוויזיעס, אַ ראַדיאָ און אַ זייער אַלטע פּיאַנאָ. יאָ, צווישן דעם צעבראָכענעם מעבל האָט זיך געוואַלגערט אַ ברויט וואָס די משפּחה האָט ניט מיטגענומען. זעקס קינדער, אַ פאָטער, אַ מוטער, אַ פעטער, אַ מומע. אַלע האָבן געוווינט אין פיר קליינע צימערן און ניט געקענט צאָלן קיין דירה־געלט.

די קינדער מיט די עלטערן און זייערע געסט האָבן זיך אָפּגעטראָגן פון זייער דירה פריער מיט צוויי טעג, געלאָזט אָפן די טיר, איבערגעלאָזט זייער אָרעמקייט אויף גאָטס באַראַט און ניטאָ.

דער באַלעבאָס האָט זיך פאַרענטפערט פאַר מיר אַז ער איז ניט שולדיק, זיי געבעטן מיט גוטן זיך אַרויסצוקלייבן פון זייך דירה, אָבער אַז זיי ווילן נאָר מ'זאָל זיי אַרויסוואַרפן.

שטיי איך און זע ווי די דריי געזונטע טרעגער וואַרפן אַלעס אויף דער גאַס מיט גרויס גבורה. אַלע וווּנדערן זיך פאַרוואָס אַזעלכע אָרעמע מענטשן האָבן געדאַרפט האָבן אַזעלכע צוויי גרויסע טעלעוויזיעס, אַ נייע וואַש־מאַשין. פאַרענטפערט זיי אַ שכנה, אַז ערשט מיט צוויי חדשים צוריק האָבן זיי גענומען די זאַכן אויף אויסצוצאָלן. אַלץ נעמט מען אויף אָפּצאָלן, און אויב מ'וועט עס באַצייטנס ניט צונעמען פון גאַס, וועט מען די בעסטע זאַכן ביינאַכט אַוועקגנבענען.

שטייט אַ מאַן וואָס זעט בפרוש אויס ווי אַ גנב און פרעגט מיך צי די זאַכן האָבן די ווערט אַ הונדערט דאָלאַר.

מיין ענטפער איז געווען אַז די אַלע זאַכן זיינען ניט מיינע און איך ווייס ניט זייער ווערט.

פאַרוואָס פרעגסטו אויף דער פרייז ווען דו ווייסט אַז די באַלעבאַטים פון די זאַכן זיינען ניטאָ?

דער מאַן האָט ניט געענטפערט און ווידער גערעדט אַז ער וואָלט געגעבן הונדערט דאָלאַר.

דער טאָג איז אַ זוניקער, כאָטש עס איז געווען געמאָלדן אויף דער ראַדיאָ אַז עס וועט זיין אַ רעגן. אַ שיינער אינדיען זומער־טאָג; אַ בלויער הימל קוקט פאַרשעמט אויף דער מענטשלעכער אכזריות. די שכנים האָבן גאָר קיין גוט וואָרט ניט אויף דער פאַמיליע וואָס זיינען פון זייער היים פאַרשוווּנדן. זיי דערציילן אַז די מוטער איז אַ פוילע, דער פאָטער — אַ שיכור; זעקס קינדער פלעגן אַרומגיין תמיד הונגעריקע. איצט האָט מען שוין פון זיי די קינדער צוגענומען, און זעט, אין דער אָרעמקייט האָבן זיי געדאַרפט האָבן אַ פּיאַנאָ און צוויי טעלעוויזיעס, אַ ראַדיאָ אַזעלכע און אַזעלכע.

אַ פאַרקלעמטע שטיי איך צווישן מיינע ניט-יידישע שכנים, הער זייערע רייד און פרוביר זיך פאַר די אַרויסגעוואָרפענע אָנגעמען.

ניין, עס געלינגט מיר ניט, זיי זיינען אַ סך און איך איינע. אַ מיידעלע פון 12 יאָר, אַ חברטע פון דער מיידעלע וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר שפּילן די פּיאַנאָ און וועלכע איז שוין דאָ מער ניטאָ, קומט צו און פּרובירט אויס די ביינדלעך. די פּיאַנאָ האָט אַ זעלטענעם טאָן. גיי, גיי, טרייבן זי אַוועק די שכנים. אַ שפּילן גאָר אין דרויסן, גיי שפּיל אין דיין שטוב.

איך דערמאָן זיך אין ענדזשעלינען, וועלכע האָט וווּנדערלעכע שוואַרצע אויגן און שיינע געקרויזטע האָר, די עלטערע טאָכטער פון די אַרויסגעוואָרפענע, זי האָט עס געשפּילט אויף דער פּיאַנאָ מיט אירע שיינע הענטעלעך, די טענער פלעגן כישופן דעם אויער. איצט שטייט די פּיאַנאָ אַ פאַרשעמטע, אַן אַרויסגעוואָרפענע אין דרויסן, אלץ איז געוואָרן הפקר.

יאָ, ווידער שפּילט די פּיאַנאָ. איצט שפּילט אַ היפּשער בחור, לויפט מיט די פינגער איבער די קלאַווישן.

ניין, איך קען ניט מער, איך ווין שטיל, מיר טוט באַנג די פּיאַנאָ, מיר טוט באַנג ענדזשאַלינע, איך וועל זי מער ניט זען און ניט הערן איר שפּילן.

די גאַס רוט ניט. מענטשן אויף און אָפּ. אַלע קוקן, אַלע רעדן און צעגייען זיך. די נאַכט פאַלט צו, אַ דריבנער רעגן נעצט די קאַנאַפּע, די בעטן, די טעלעוויזיעס, די ראַדיאָ און די פּיאַנאָ איז שוין גוט נאַס. איך

מוז שוין זיין אין הויז דערליידיקן מיקן אַרבעט.

איך טראַכט פון דער מיידעלע וואָס האָט אַזוי ליב געהאַט מוזיק און אויך אירע עלטערן. זיי זיינען ניט לאַנג אין לאַנד, אַלץ האָט מען זיי גע־געבן אויף באָרג.

גאָט אין הימל, וווּ זיינען זיי איצט? עס איז שוין אַרום 12 ביינאַכט, די קלאַווישן צעשפּילן זיך, אַ שיכור רימפּלט אויף דער פּיאַנאָ.

די נאַכט איז אַריבער, און ווען דער פרימאָרגן, אַ רעגנדיקער איז געקומען און איך בין אַרונטערגעגאַנגען אין גאַס, איז פון דעם גאַנצן מעבל קיין סימן ניט געווען. מסתם האָט דער מאַן וואָס האָט אָפּגעשאַצט דאָס מעבל פאַר הונדערט דאָלאַר עס צוגענומען פאַר גאָרניט. אָבער די פּיאַנאָ האָט ער ניט געוואָלט נעמען. צו שווער געווען פאַר אים.

אַ פאַרשעמטע, ווי אַ מענטש, האָט די פּיאַנאָ געוויינט.

# א מאנאלאג פון א יידענע

איבערגעגעבן וואָרט אין וואָרט

אוי, געזונט זאָלט איר זיין, איר רעדט אַזאַ שיינעם יידיש, שוין לאַנג אַזאַ יידיש ניט געהערט. ווי שיין איר זאָגט, אַז דאָ איז דער אייבי־קער פרילינג!

אוודע איז דאָ דער אייביקער פרילינג. גוט און שיין. עס וואָלט גע־ווען נאָך שענער ווען דער גאַסט וואָס קומט זאָל האָבן זיינע פאַרגעניגן און פאָרן צוריק געזונט פון וואַנען ער איז געקומען. די ערד ווערט שווער עס איז דאָך שוין ניטאָ וווהין זיך אַהינצוטאָן. ווי נאָר די געסט קומען און דערזעען, ווי איר זאָגט, דעם אייביקן פרילינג, פאָרן זיי צוריק גאָר האָפּערדיק און ברענגען זייער האָב און גוטס אַזוי ווי די היישעריקן. גאָט זאָל נאָר אָפּהיטן פאַר זייער אימפּעט. פילע באַנען פון אַלע עקן לאַנד יעדן טאָג: פון קאַנאַדע, פון מעקסיקאָ און פונוואַנען ניט? אַפילו פון בראַזיל. די מעקסיקאַנער יידן האָבן שוין אַפילו זייערע לאַנדסמאַנשאַפטן. און וואָס איז מיט שיקאַגע און ניו־יאָרק? הייַנט דעטראַיט און קליוולאַנד? לויפן קיין פלאָ־רידאַ קאָסט זיי צו טייער, אָבער לאָס־אַנדזשעלעס איז זייער ערים מקלט.

ערשט איצט פיל איך ווי ערגעץ אַנטלויפֿן פֿון דאַנען. די מענטשן האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט דעם טומל און געמאַכט פֿון דער שיינער שטאָט אַ גאַראַדזש, גאַז־סמאָג, שטויב, אַז מ׳קען דעם אָטעם ניט כאַפּן.

איך וווין שוין דאָ אין לאָס־אַנדזשעלעס אַריבער 40 יאָר. פֿריער געוווינט אין ניו־יאָרק. מיין מאַן איז געווען אַן אָפּערעיטער אין די אַמאָ־ליקע סוועט־שעפּער. ווערט ער קראַנק אויף דער גוטער קרענק „טי־בי״ און די דאָקטוירים זאָגן אַז אין לאָס־אַנדזשעלעס איז דאָ דערפֿאַר אַ הילף. איז וואָס טוט מען מיט דריי פּיצלעך קינדער, מיט אַ קראַנקן מאַן? לאָזן מיר זיך אין וועג ראַטעווען מיין מאַן. ער האָט זיין געזונט אָפּגעגעבן פֿאַר „אָוועדטיים״ און ביטער שווער געאַרבעט און זיך אַרויפֿגעאַרבעט אויף דער גוטער קראַנקהייט. לאָזן פֿאָרן מיין מאַן אַליין האָב איך ניט געוואָלט, האָבן גוטע מענטשן אונדז געהאָלפֿן און אָט זיינען מיר אָנגעקומען אַהער אין דעם שיינעם לאַנד. מיר האָבן פֿאַר זיך געדונגען אַ שטיבעלע. מיין מאַן, זאָל געזונט זיין, איז דעמאָלט געווען מער אויף יענער וועלט. אים האָבן מיר באַשטאַט אויף אַ פֿאַרם. היינט איז עס אַ פּאַלאַץ, אָבער דעמאָלט איז עס געווען ווי אַ פֿאַרם און איך האָב זיך גענומען זוכן אַרבעט. דריי קינדער, צוויי מיידעלעך מיט אַ ייִנגעלע. מען מוז לעבן, און אַז מען זיצט ניט מיט קיין פֿאַרלייגטע הענט, העלפֿט גאָט.

האָב איך זיך גענומען אַרויסהעלפֿן מענטשן וועלכע האָבן געדאַרפֿט מיין הילף. עסן איז געווען, אַ דאָלער אין קעשענע בלייבט, איז וויפֿיל האָט דעמאָלט געקאָסט צו בויען אַ שטיבעלע פֿון האָלץ אין בויל הייטס?

דערווייל האָט זיך מיין מאַן דערהאָלט און איז געקומען אַהיים און מיר אַלע ווי די בינען האָבן זיך גענומען בויען שטיבעלעך און פֿאַרדינגען צו מענטשן וועלכע קומען קראַנקע, צעבראָכענע, מיט אַרטרייטיס, ניור־רייטיס און אַנדערע חולאתן. אָפּגעווען אַ שטיקל צייט און געפֿאָרן צוריק צו זייערע היימען. ווער איז גאָר איינגעפֿאַלן דעמאָלט צו קויפֿן פּראָפּערטי?

מיר ווידער האָבן, גאָט צו דאַנקען, געקויפֿט און פֿאַרדונגען. האָב איך צוגערעדט די צעבראָכענע שאַרבנס זיי זאָלן ניט פֿאָרן צוריק. און, ווי מיינט איר? זיי זיינען טאַקע געבליבן, און אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַרמערן יידן. אָבער ניט צוליב פֿאַרגעניגן, נאָר צוליב קראַנקהייט. גיי ווייס וואָס עס וועט פֿלוצלונג ווערן אַזאַ בהלה? זאָל זיך איך דוכטן בעת

דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן מענטשן זיך דערשראָקן און אָנגעהויבן פאַרקויפן זייערע פּראָפּערטיס, האָבן מיר דעמאָלט גענוג געקויפט. מ׳וואָלט געקענט ווערן מיליאָנערן! וואָס ווייסט איר, מיר פלעגן דעמאָלט ליגן איינ־געלייגט. ווער האָט זיך געפּוצט? פּרויען האָבן געטראָגן גראָבע זאָקן, פלאַכע שיך. פאַר וועמען האָט מען זיך דען געדאַרפט פּוצן?

מיר האָבן געלעבט ווי אויף אַ דאָרף ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן דער געלויף פון קומען אַהער צו לעבן אין „פלעזשור״.

אַמאָל, ווער זיינען געווען די וואָס האָבן זיך דאָ באַזעצט? קראַנקע מענטשן, און וואָס דאַרף אַ קראַנקער מענטש? בלויז ווערן געזונט. אָבער אַז די געזונטע האָבן אָנגעהויבן אָנקומען, איז באַלד געוואָרן אַ יקרות.

און איצט, זעט נאָר אַ שטאָט! אַ שפּילקע איז נישט דורכצוּוואַרפן, מ׳קען אַ גאַס ניט דורכגיין. איבערהויפּט בעמען איצט די אַלטע לייט סאָשעל סעקיוריטי, זיצן גאַנצע טעג אין די פּאַרקן און האָדעווען די טויבן. אין דער שטילסטער גאַס רוישט די „סטריטקאַר״, דער באַס, די ענגשאַפט דאונטאַון איז נישט אויסצוהאַלטן. ביז איר קומט אַהיים, גלויבט איר זיך ניט אַז איר וועט קומען, מען ווערט אָפּגעגאָסן פון שווייס. היינט די געשעפטן וואָס ווערן דאָ געפירט! גייט אָדער פאָרט אַרונטער דאונטאַון, עס איז נאָך שענער ווי אין ניו־יאָרק אויף פינפטער עווענוי.

איר זייט שוין געווען אויף ווילשייער, לאַברייע און האָליוווּד בול־וואַרן, פאַרמערס מאַרקעט? מיר, ווי איר זעט, וווינען שוין איצט אויף פעיר־פעקס. אונדזערע שטיבלאַך זיינען אַלע פאַרדונגען צו די טונקעלע. זיי צאָלן ריכטיק זייער דירה־געלט און מיר, גאָט צו דאַנקען, לעבן פיין.

איר זענט שוין געווען אין ווענים ביטש? איי האָבן מיר דאָ דעם ים, טעם גן־עדן. אַלץ שיין, גוט, אָבער אייך צורייַדן זיך אַריבערקלייבן דאָ, וועל איך ניט. זייט דאָרטן ווו איר זייט געזונט, און אויב איר ווילט וויסן איז דאָ ווינטער אויך קאַלט און עס רעגנט און זומער איז הייס. אַ מענטש מוז אָפּהיטן זיין היים, זיין ווינקעלע, סיידן ער איז קראַנק. איר זעט, גאָט צו דאַנקען, אויס געזונט איז״, זייט מיר געזונט.

זעט ווי אַזוי איך האָב זיך פאַררעדט און איבערגעפאָרן צוויי אָדער דריי סטיישאָנס. גודביי, געווען גוט רעדן צו אייך. גוד ביי!

# א רירנדיקער מענטשלעכער דאָקומענט

## "אַזוי האָט עס פּאַסירט"

### פון דאָראַ שולנער, שיקאַגאָ, 1942

### איבערזיכט פון י. ב. ביילין

„מאָרגן פרייהייט" — זונטיק דעם 22סטן נאָוועמבער, 1942

„גיב מיר פון נאַטירלעכן פייער דעם פונק,
אַזאַ־אַ מתנה איז באמת אַ פרייד, און כאָטש
איך שלעפּ מיין אַקער דורך זומפּ אין אַ
כמורנער נאַכט, שוואַרצער פון שוואַרץ — וועט
מיין מוזע אין איר אָרים קלייד אַלץ איינס
צעטרייסלען טיף דאָס האַרץ".
פון ראָבערט בוירנס.

די אויטאָביאָגראַפיע, וואָס ליגט פאַר מיר, מיטן נאָמען „אַזוי האָט עס פּאַסירט", פון דאָראַ שולנער, איז מערקווירדיק מער ווי צוליב איין אורזאַך. פון איין זייט איז זי געשריבן פון אַ פרוי, וואָס איז געשולט געוואָרן בלויז דורכן לעבן, מיט אַן אומגעניטער פען, מיט אַן אָרימער פאַליטערע פון פאַרבן, מיט אַ ניט־דיסציפּלינירטן אימפּעט און קנאַפּן באַגריף פון פּראָפּאָרציע. פון דער צווייטער זייט ווערט איר ביסלעכווייז אַזוי אַריינגעצויגן אינם לעבן, וואָס ווערט געשילדערט דורך דער שרייבערין, אַז איר לייענט דאָס בוך אין איין אָטעם. איר געפינט זיך פלוצלונג ווי איר זיינט אין אַ מאַגנעטישן פעלד: איר קאָנט זיך פון אים ניט אַרויסרייסן.

געוויס: פריער פון אַלץ האָט אייך דאָראַ שולנער צו דערציילן אַ מעשה, אַ שרעקלעכע מעשה. אייך שרעק אָנגעהויערט אויפן צווייטן. איין פּאַסירונג האַרצקלאַפּנדיקער פון דער צווייטער. די שרייבערין האָט אַלייך דורכגעמאַכט אָרימקייט און נויט, אַלס קינד אין דער לער, ביי די טיפּיש-

היימישע שניידער, ביי אַ זאָקן־מאַכערין, אין אַ פאַבריק אַלס שפולערין, אין דער אונטערערדישער באַוועגונג אַלס פראָקלאַמאַציע שפּרייטערין. זי האָט דורכגעלעבט צוויי רעוואָלוציעס, שווידערלעכע פּאָגראָמען, הריגות, שחיטות, קאָנטער־רעוואָלוציעס. זי האָט ניט איין מאָל געזען דעם טויט ווי ער קוקט איר אַריין גלייך אין די אויגן. עס האָט איר כמעט ניט דורכגע־לאָזט קיין איין איינציקע דערשיטערונג וואָס איז געווען געווייינטלעך פאַר „יענע טעג". איך זאָג כמעט, דערפאַר ווייל איין שולע איז דאָרט שולנער צופעליק ניט דורכגעגאַנגען, און דאָס איז די טורמע. ווי אַזוי זי האָט זי אויסגעמיטן, איז פשוט אַ וואונדער, פונקט ווי עס איז אַ וואונדער ווי אַזוי דאָרט האָט עס אַלץ אַריבערגעטראָגן און איז געבליבן לעבן צו דערציילן אונדז די דאָזיקע מעשה.

אָבער ניט אין דעם בלויז ליגט די אורזאַך פאַרוואָס איר קאָנט זיך פון דעם בוך ניט אָפּרייסן. עפּעס איז דאָ אויך אין דעם אופן, אין דער אויסערגעוויינטלעך חנעוודיקער פשטות, ווי אַזוי די שפּאַנענדיקע לעבנס־געשיכטע ווערט איבערגעגעבן.

דערפאַר ווייל איר קומט אָן איבם לייענען אויף אַזעלכע ערטער וואָס דערשטוינען איך גראד ניט אַזוי מיט דער מעשה — מיר האָבן שוין ברוך השם געוגג זיך אָנגעהערט און אָנגעזען מיט שווידערלעכע פּאַסי־רונגען — ווי מיט דער אוממיטלבאַרקייט ווי זי איז איבערגעגעבן. אָט לייענט ווי אַזוי זי דערציילט וועגן אַן אַלטער אידענע פון איר שטעטל — יהודה לייב מלמד׳ס ווייב, ווי אין אַ ווינטערדיקן פרימאָרגן, האָט די דאָזיקע אַלטיטשקע —

אָנגעשאָטן דעם פייער־טאָפּ און זיך געלאָזט גיין אין מאַרק אַריין פאַרקויפן אירע עפּעלעך. גייענדיק צום מאַרק פּאַרטאָג, איז די אַלטיטשקע יהודה־לייביכע פאַרבייגעגאַנגען די שול — אונדזער גרויסע שול האָט געהאַט אַ שם אַז אין איר איז שטיל דורך די נעכט, האָט זיך די אַלטיטשקע דערשראָקן און אָנגעהויבן שרייען ביז זי איז געפאַלן אין חלשות; ווען מען האָט זי אָפּגעמינטערט, האָט זי געהאַט צו דערציילן: אַז זי האָט אויסגעוואַנדרעט די גאַנצע שטאָט מיטן פייערטאָפּ אין די הענט און אַז ניט אַליין איז זי געגאַנגען, עמיצער, עפּעס אַ ניט־גוטער האָט זי אַרומגעפירט

ביז ער האָט זי געבראַכט צו דער גרויסער שול און דאָ האָט זי געמאַכט די גוואַלדן ביז זי איז געפאַלן אין חלשות. פון דעמאָלט אָן האָט זי געקראָגן דעם צונאָמען „יהודה-לייבעכע מיטן פייער־טאָפּ״.

נו, דוכט זיך אייך ניט, אַז דאָס האָט איר געלייענט אַ קלאַסישע געשיכטע פונם קב־הישר אַרויס, מיט דער גאַנצער אומבאַפּלעקטער תמי־מות פון פאָלקסטימלעכער פאַנטאַזיע, וואָס קומט אַרויס בולטער און קלאָ־רער ווי ביי געוויסע קינסטלער?

נעמט כאָטשבי די עכטקייט, די גין-גאָלדענע עכטקייט, פון איר מוטערס רייד, ווען זי פילט טיף מיט מיט צוויי אַנדערע פרויען, אירע קאָנקורענטקעס גאָר, לעקאַך־בעקערינס ווי זי, וואָס שטייען אויפן מאַרק אָפּ שעהן, און קיינער קויפט ביי זיי ניט. אָט ווי די מאַמע אירע באַקלאָגט זיך פאַר איר:

. . . ניט אין מיין לייזעכץ גייט עס מיר, מיין קינד. זיי האָבן היינט ניט געלייזט! און זייער לעקאַך איז אַזוי גוט ווי מיינער און אפשר נאָך בעסער פון מיינעם, ווארום זיי האַלטן זיך אין איין פּלייסן, אַז עס זאָל זיין ביי זיי געראָטענער. אסתר־חנהס לעקאַך איז היינט גע־ווען ווי פּוך, און דער טעם איז זיך פּשוט צעגאַנגען אין אַלע אברים. גאָלדעס לעקאַך האָט פאַרשמעקט דעם מאַרק און די מענטשן, פונקט ווי עמיצער וואָלט זיי אָנגערעדט, שטופּן זיך נאָר צו מיין טישל. וואָס איך בעט זיך ביי זיי, שטופּט זיך ניט אַזוי, אָט איז דאָך פאַראַן נאָך לעקאַך, איך בין דאָך ניט איינע אויפן יריד. טענהן זיי — וואָס ווייסט איר רבקה, מיין מאַן פילט שוין אין טעם אַז איך קויף ערגעץ אַנדערש. נאַרישע בהמות וואָס זיי זיינען. די גוטע יאָרן אויף מיר אויף וויפיל זייער לעקאַך איז בעסער פאַר מיינעם . . .

דאָ האָב איך ניט אין זינען בלויז צו ווייזן די פאָלקס־ערלעכקייט און גאַנצקייט פון דער דאָזיקער מאַמען, וואָס פילט אגב מיט מיט דער באַוועגונג און העלפט צו מיט אַלץ וואָס זי קען, נאָר אויך דעם לעקעכ־דיקן טעם פון איר קאָרענער, פּשוטער שפּראַך וואָס איר טאָכטער האָט געדענקט און אונדז געגעבן.

איר קענט בשום אופן ניט בלייבן גלייכגילטיק ווען דאָרט דער-ציילט ווי זי איז געקומען צוריק אַהיים קיין ראַדאָמישלע פון קיעוו און געפונען איר פאַמיליע אין שרעקלעכער נויט, אין אַ קבר־שטוב פון אַ פינצטערן קעלער. אין דעם איינעם צימער איז ניט נאָר דאָ איר מוטער און אירע קינדער, נאָר אויך איר שוועסטער רחל מיט איר מאַן און צוויי קינדער, וואָס זיינען ביי זיי געבליבן פון ניין. איצט ליגט דער מאַן אין גסיסה, אירע קינדער זיינען אויך קראַנק, און די אַלטע מאַמע, קוים וואָס זי שלעפּט זיך אויף די פיס אַרום דער קראַנקער פאַמיליע. ווען זי, דאָרט אַליין, אויך אַ קראַנקע, מאַכט אַביסל אָרדנונג אין דעם קבר און וואַשט אַרום איר אַלטער מאַמען, האַלט זי זי אין איין בענטשן.

„. . . איך האָב צעפּאַקט מיין באַגאַזש — דערציילט די שרייבערין — און האָב געוויזן מיין מאַמען די ווייסע ליילעכער וואָס רחלע מייזל האָט מיר געגעבן. די מאַמע שטראַלט אויף פון פרייד און זאָגט מיר — ניין, טאָכטער מיינע, די ליילעכער זאָלסטו ניט נוצן, זאָלן זיי זיין מיינע תכריחים; זעסטו מיין קינד, טאָג און נאַכט האָב איך גאָט געבעטן, אַז פאַר מיין טויט זאָל איך זוכה זיין דיך צו זען, און אָט ביזטו געקומען, ווי אַ גוטער שליח ביזטו געקומען און מיר געבראַכט די אייביקע קליידער . . . "

אָבער ניט בלויז אומעטיקע בילדער געלינגען איר. אָט איז אַ שטיי-גער־בילד פון אַ יידישער חתונה. איר שוועסטער רחל האָט חתונה מיט אַ חתן פון אַ דערבייאיק שטעטל—טשערנאָכאָוו, און די שרייבערין קאַרגט ניט אין שילדערונגען ווען עס קומט צו איר שוועסטער רחל... אגב רופט זי זי שטענדיק „מיין רחל", קיינעם רופט זי ניט מיט אַזאַ צערטלעכקייט אויסער פאַרבייגייענדיק איין מאָל אָדער צוויי מאָל אירע אייגענע קינדער. כאָטש די זעלבע שוועסטער „ליגט צו שטענדיק אַ קנויטל" ווען מען האָט צו איר געוויסע טענות.

אָט די דאָזיקע שוועסטער האָט עס חתונה. אין שטעטל איז לעבע-דיק, פורן און דראָשקעס, אָנגעפּאַקטע מיט געסט און קלעזמער פאָרן עס אַנטקעגן דעם חתן צו באַגעגענען אים אויפן וועג, אין וואַלד. „אַ רייטער קומט און זאָגט אָן, אַז די מחותנים קומען אָן. די קלעזמער הייבן אָן אויפ-שפּילן אַ וויוואַט. די פייגעלעך העלפן זיי אַרויס. דער טאַטע מיט דער מאַמען אין פאַראויס און אַלע מחותנים נאָך זיי גייען באַגעגענען די געסט מיטן חתן בראש. אַלע מחותנים מישן זיך אַצינד אויס. מיר בייטן זיך מיט

די פלעצער, ווער עס פאַרט מיט חתנ׳ס צד, ווער מיט כלה׳ס צד און די פּראָצעסיע ציט זיך שוין אַצינד אין שטאָט אַריין...״
דאָראַ שולנער שילדערט די דאָזיקע חתונה מיט אַלע איינצעלהייטן:

... נאנגע דעם קלעזמערס קאַפּעלע איז געווען אַ שם דבר איבערן לאַנד, און אַז נאנגע האָט געגעבן אַ פיר דעם שמיטשעק אויפן פידל צו באַזעצן די כלה, איז געוואָרן די אמת׳ע יללה; אַלע האָבן געוויינט און מיין רחל, נעבעך, אויסגעמאַטערט און פאַרחלשט פון אַ גאַנצן טאָג פאַסטן, איז געווען אויס מענטש... די גאַס איז געווען שוואַרץ פון מענטשן. אַלע האָבן געקענט מיין שוועסטער, אַלע האָבן געוואָלט כאַפּן אַ בליק אויף איר פנים, ווי זי קוקט אויס אַצינד.״

און ווייטער:

„...די קלעזמער שפּילן אויפן וועג פון זאַל צו דער שול. די גאַסן זיינען באַלאַגערט פון ביידע זייטן און אין מיטן פירט מען מיין רחלען מיט ליכט אין די הענט צו דער חופּה...״

דוכט זיך — פּשוטע ווערטער, זיי זיינען כמעט שאַבלאָנען, און דאָך גיט איר זיך מיטאַמאָל אַ כאַפּ ווי עס שטעלט זיך אייך אויף אויס דאָס גאַנצע בילד פאַר די אויגן אין פולער סקולפּטאַרישקייט. און אַזעלכע „שטיקלעך״ טוט נאָך אָפּ דאָראַ שולנער זייער אָפט אין איר לעבנס באַשרייבונג.

קלערט איר זיך: אויב די שרייבערין שילדערט אויף פיר זייטן איר שוועסטער רחלס חתונה, הייַנט וויפיל זייטן וועט זי פאַרנעמען מיט באַשרייבן איר אייגענע חתונה? ס׳איז דאָך איר אויטאָביאָגראַפיע, ניט דער שוועסטערס. אָבער ווי מאָדנע עס זאָל ניט קלינגען, פאַר איר אייגענער חתונה גיט זי אָפּ ניין שורות, און אין איין שורה פטורט זי אָפּ דאָס האָבן פיר קינדערלעך. ניט איר ווייסט דעם נאָמען פון איר מאַן, דאָס דערווייסט איר זיך ניט פאַר קיין געלט, און אפילו די נעמען פון אירע קינדערלעך דערוויסט איר זיך שפּעטער, און דאָס בלויז פאַרבייגייענדיק. זי מאַכט ניט די קלענצטע אָנשטרענגונג צו שילדערן זיי אינדיווידועל, ווי

זי טוט עס אין פיל פאַלן מיט פרעמדע. ווייל בכלל איז די שרייבערין ניט קאַרג אויף נעמען. זי גיט אפילו אַמאָל אָן אַ נאָמען, וואָס מער הערט איר ניט וועגן אים און מער זעט איר אים ניט אָן.

האָט דאָס אפשר אויך צו טאָן מיט דעם חסרון, וואָס איך האָב שוין דערמאָנט — ניט געניגנ חוש פאַר פּראָפּאָרציע, איינער פון די גרעסטע חסרונות אין קונסט? אפשר. אָבער עס איז גריילעך מעגלעך אַז אירע קאַרגע באַשרייבונג וועגן זיך אַליין נעמען זיך פון פרווון אויסמיידן זעלבסט־־קאָנצענטרירונג און ענגן עגאָאיזם און געבן מער איר סביבה ווי זיך אַליין. עס זיינען דאָ אייניקע גרונטן דערצו. די שרייבערין איז ערטערווייז זייער אָפנהערציק אין אירע „שוואַכקייטן״ און ווייזט אַרויס בכלל אַ טיפע מענטשלעכקייט און ברייטקייט. זי שעמט זיך ניט אָנצורופן איר אייגענעם ברודער אַ שונא פון דער סאָוועטן־מאַכט אין די ערשטע יאָרן. דאָס זעלבע וועגן איר שוועסטער רחל. זי רייסט זיך איינמאָל אַליין אַרונטער און זאָגט אין אַ דעגראַדירנדיקן זינען אויף זיך, וואָס איר אָפּפאָרן צום פראָנט צו באַקעמפן די קאָנטר־רעוואָלוציע, דערוועקט זיך אין איר ביינאַכט „די מאַמע״ און באַזיגט די „קעמפערין״.

דאָס בוך איז אַן אוצר פאַר . . . קינסטלער. זיי קענען פון דאָרט שעפּן אַ צאַפּלדיקן, אויטענטישן מאַטעריאַל פאַר איבערשאַפונגען. כאָטש מערסטנטייל דרייט זיך אַלץ אַרום שטעטעלע ראַדאמישלע, זיינען זייער פיל אינצידענטן און פּאַסירונגען כאַראַקטעריסטיש פאַר פיל אַזעלכע שטעטלעך.

„אַזוי האָט עס פּאַסירט״ איז אַן אינטערעסאַנטער און רירנדער מענטשלעכער דאָקומענט. בעיקאַר האָט אַמאָל געזאָגט אין זיינע „עסייען וועגן שטודיום״, אַז

„געוויסע ביכער דאַרף מען פאַרזוכן, אַנדערע דאַרף מען איינשלינגען, אָבער זייער וויניק דאַרף מען קייען און פאַרדייען״.

איך וואָלט צוגעגעבן, אַז געוויסע ביכער, לעבנס פון פשוטע האָרעפּאַשנע מענטשן, דאַרפן אַרויסגעגעבן ווערן, ווייל ניט זעלטן, ווי אין דעם פאַל, געפינט איר דאָרט צוגעפּאַסטע שליסלען צו די לאַבירינטן פון דער מענטשלעכער נשמה, ווי איר זעט זיי ביי אַזעלכע וואָס ספּעציאַליזירן זיך כלומרשט אויף דעם.

דער ראַדאמישלער לעידיס אוקזילערי פון שיקאַגא פאַרדינט דעם

דאַנק פאַר דער דאָזיקער אויסגאַבע. לויט ווי מיר הערן איז שוין באַלד די גאַנצע אויפלאַגע אויספאַרקויפט געוואָרן.

---

# „מילטשין״

## פון דאָראַ שולנער, שיקאַגאַ, 1946

### פון י. ב. ביילין

„מאָרגן פרייהייט״—פרייטיק, יאַנואַר 24סטן, 1947

ווילדע בלומען זיינען אָפט אַרומגערינגלט מיט שפּיציקע שטעכער, מיט דערנער. ס'איז די וואַך וואָס די נאַטור שטעלט אויס אַרום די אָנצי־ענדיקע פלאַנצן וואָס זאָלן זיי באַשיצן פון אָנגריפן. פּרוּווט אויסשטרעקן די האַנט צו אַ ווילדער רויז, וועט איר זיך גלייך צוריקכאַפּן, ווי איר וואָלט באַרירט קראָפּיווע. איר וועט אָפּטרעטן אויף צוריק, אָבער באַלד וועט אייך די בלומען־פּראַכט ווידער אַ צי טאָן און אויב איר ווערט פאַרשכורט פון קאָליר און פּערפיום, וועט איר שוין ניט אַוועקגיין. איר וועט נישט זאָגן ווי יענער פּראַקטישער פיליסטער: „איך וויל נישט דיין האָניק און איך וויל ניט דיין ביס״. האָניק איז אָפּטמאָל ווערט דעם פּרייז פון אַ ביס.

אין ליטעראַטור געפינען מיר אָפּטמאָל אַן ענלעכע סיטואַציע. דו נעמסט אַ בוך אין האַנט אַריין און הייבסט אָן לייענען. פון איין זייט ווערסטו גלייך פאַרמאַניעט פון אַ ווונדערבאַרער פּשטות פון אַ פאַרכאַפּנדי־קער אוממיטלבאַרקייט און אינטערעסאַנטע מעשה; פון דער צווייטער זייט, אומגעלומפּערטע זאַצן... אומבאַהאָלפענע פאַרגלייכן... פלאַכקייטן, איבער־טרייבונגען און סענטימענטאַלישקייט דו ווילסט שוין אַוועקלייגן דאָס בוך, אָבער דו קענסט ניט. עפּעס האַלט דיך, עפּעס ציט דיך, עפּעס האָט דיך אָנגעפּאַקט. דו לייענסט ווייטער און האָסט ניט קיין חרטה, דו קריגסט קאָ־ליר, דו דערשמעקסט פּערפיום. דאָס זיינען ווילד-רויזן.

אָט לייענען מיר אַ בוך „מילטשין״. ביי דער שרייבערין דאָראַ שול־נער איז דאָס שוין דאָס צווייטע בוך. איר ערשט בוך איז פון פיל שריי־בער באַגריסט געוואָרן פון דעם שטאַנדפּונקט פון אַ רירנדיקן מענטש־

לעבן דאָקומענט. אַ היינטיקע „גליקעל פאַן האַמעלן״, האָבן זי אייניקע אָנגערופן. דאָס איז ריינע אויטאָביאָגראַפיע. „אַזוי האָט עס פאַסירט״ — האָט זי עס אין איר פשטות אָנגערופן. „מילטשין״ איז אַ פאַרזעצונג פון איר אינטערעסאַנטער געשיכטע פון איר לעבן, וואָס זי האָט צו דער-ציילן, אָפט זיינען עס איבערחזרונגען פון פריער, אָדער אויספילונגען צו געוויסע ליידיקע פלעצער, וואָס זי האָט איבערגעלאָזן אין איר ערשט בוך. דאָס סאַמע אינטערעסאַנטסטע אינם באַשרייבנדיקן זינען קומען ביי איר אַרויס די יידישע יום־טובים. זי האָט זייער גוט באַוויזן אָנצוכאַפּן דעם געמיט וואָס די יום־טובים פלעגן אָנהויבן אויף די קינדער אינם קליינעם שטעטל. זי באַשרייבט חנוכה, פורים, פסח, שבועות, תשעה באב און שבת נחמו. קיין נייעס דערציילט זי, דוכט זיך ניט, אָבער זי דער-ציילט מיט אוממיטלבאַרקייט און תמימות. אָט זעט, למשל, ווי זי זעט שבת נחמו:

„...מיין חתונה איז אויך געווען שבת נחמו. שבת נחמו זיינען פאַר-געקומען אַ סך חתונות... אויף דעם שבת פלעגט ווערן אַרונטער-געבראַכט אַ גוטער חזן. די בעסטע חזנים האָבן ביי אונדז גע-דאַוונט אין דער גרויסער שול. פריילעך פלעגט ווערן אין אַלע אברים. אונדזער לעקאַך איז צעכאַפּט געוואָרן. די זון האָט גאָר אַנדערש געשיינט. צו דער חופה האָט מען געפירט מיט די כלי־זמר איבערן גאַנצן שטאָט. דעמאָלט האָבן פאַרדינט שניידער, וועלכע האָבן גענייט חתונה־קליידער, כלי־זמרים, סאַרווערס, קראָמען האָבן געליזט שטיקער גאָלד. יידן האָבן זיך געפרייט. איז געקומען אַ גרויסע ישועה און אַלע האָבן זיך געלאָזט ווויילגיין. אונדזער שטאָט ראַדאָמישלע האָט געבליט ווי אַ שיינער גאָרטן. די אַקאַציע־בוימער האָבן פאַרשמעקט די גאַסן. די זאַפטן פון די פירות האָט זיך גע-פילט אין אַלע אברים. אין די פרימאַרגנס האָבן פויערטעס גע-בראַכט אין די „קאַראָבקעס״ (קוישלעך), ווונדערלעכע רויטע יאַ-געדעס, רויטע קאַרשן, פרישע סמעטענע, יונגען רעטעכלעך, גרינע אוגערקלאַך. אַלץ האָט געשמעקט מיט פרישקייט און געגעבן דעם אָרימען מענטשן דעם טעם פון לעבן״. (זייט 55־56).

איר וועט פרעגן, וואָס האָט דאָס אַ שייכות מיט שבת נחמו? וועט

איר אפשר זיין געקרעכט. קיין דירעקטע שייכות האָט עס ניט, אָבער אַ סוביעקטיווע גוטע דעראינערונג שלעפּט מיט זיך מיט אַלע גוטע זאַכן פון וועלכע איר קענט זיך דערמאָנען. צומאָל זיינען פאַראַן ביי איר נאָך בילדלעכערע שילדערונגען. זעט ווי זי באַשרייבט די אלול־טעג, ווען מען פלעגט גיין אויף די בית־עולמ׳ס און זיך אויסוויינען...

„...אַ ברייטער וועג ווו אַ סך אָרימעלייט לויפן אַרום און רייסן די פאַרבייגייער פאַר די פּאָלעס. קאַליקעס שפּרינגען אויף זייערע קו־ליעס און אַרבעטן מיט אַלע אברים. אָרימע ווייבער מיט פּיצלעך קינדער, איינגעוויקלט אין שמאַטעס, וויינען און בעטן די נדבה. די קינדער שרייען מיט באַנומענע קולות. אַ סך וואַלגערן זיך אויפן זאַמד. זיי זיינען הונגעריק און בעטן עסן. די אָרימעלייט שעלטן און מען קאָן נישט וויסן, צי זיי שעלטן די מענטשן וואָס גייען אויף קבר אבות, אָדער זייערע קינדער...״

בלויז עטלעכע וואָכן פון שבת נחמו ביז די אלול־טעג, און זעט ווי „דער טעם פון לעבן״ האָט זיך שוין געביטן. אַנשטאָט „די גרויסע ישועה״, ווו „אַלע האָבן זיך געלאָזט ווילגיין״, האָט איר שוין געשרייען און קולות און „די גוואַלדן זיינען ביזן הימל״. די פריערדיקע אידיליע האָט גע־פּלאַצט. עס זיינען דאָ ווידער רייכע און אָרימע, געזונטע און קראַנקע, זאַטע און הונגעריקע, קלאָרע און משוגעים. לייענט טאַקע ווי זי באַשרייבט די לעצטע — אַזוי פּשוט, אָבער איר וועט עס אַ לאַנגע צייט ניט פאַרגעסן.

„...אויפן וועג צוריק ליגן די אָרימעלייט אויסגעשעפּטע. די שטאָט משוגעים שטייען און וואַרטן נאָך אַלץ אויף זייערע נדבות.
„איציקל טשיקעווער מיט דער שיינער לאַנגער באָרד און גרויסע באָרוועסע פיס; רחלע די משוגענע, אַ זעלטענע שיינהייט, מיט שוואַרצע געקרויזטע האָר, טאַנצט אַ קאַראַהאָד; ציפּע די משוגענע, גוואַלדעוועט אַז מען נעמט ביי איר צו דעם מאַן, זאָל מען איר כאָטש געבן געלט... דער שטויב אויפן וועג פליט אין די אויגן. ביז מיר דערזעען די שטאָט, ווייזט זיך מיר אויס אַז מיר קומען טאַקע פון יענער וועלט.״ (זייט 59).

איר דאַרפֿט ניט זיין קיין קריטיקער כדי צו זען ווי איבערן גאַנצן בוך ראַנגלט זיך ביי איר, אָפּטמאָל דאָס קליינבירגערלעכע פֿון דער דער־פֿאָלגרייכער לעקאַך־בעקערין, וואָס איר מאַמע איז געווען, מיט דער פּראָ־לעטאַרישקייט פֿון דער שניידערין. ערטערוויז קאָן זיך אייך דוכטן, אַז זי איז גאָר אַנטי־סאָוועטיש געשטימט, לויט געוויסע אויסדרוקן. אָבער דאָס וועט זיך ניט גערעכט צו דער אויטאָרין, וואָס גיט זיך אַליין אָן ווי אַ הייסער פּרייַנט פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און ווי זי שילדערט עס אין איר אויסלייזונג דורך די הענט פֿון דעם „טשעקיסטן" גאָלדשטיין.

אָבער ווי דערקלערט איר עס!

פּרץ מאַרקיש האָט אַמאָל אָט דעם דאָזיקן צושטאַנד זייער גוט כאַ־ראַקטעריזירט אין דעם פֿאָלגנדיקן פֿערז:

„כ׳גיי פֿאָראויס און כ׳קוק פֿון הינטן,
כ׳וויס מיין אויג ניט ווו אַהינטאָן,
צי עס גייען מיט מיר ווינטן,
צי איך גיי אַליין . . . "

און אַז איר נעמט עס אָן, פֿאַרשפּאָרט איר שוין צו וווּנדערן זיך אויף אַ סך משונהדיקע זאַכן. וואָרשע האָט ביי איר אַ „פּרעכטיק יידיש לעבן, אָבער די יידן אין וואַרשע האָבן אויסשליסלעך (אונטערגעשטראָכן פֿון מיר — י.ב.ב.) געלעבט פֿון די אימיגראַנטן" (זייט 30) אָט איז עס אין דער פֿאָלקס מעשה „די שכינה". דאָרט שולנער גיט אויך איבער פֿאָלקס מעשיות — אַ וואַלד, און אָט ווערט פֿונעם וואַלד אַ שטעטל (ז. 79-80). יוטא איז ביי איר סאָלט לעיק סיטי. (ז. 125) און גלייך ווערט עס קאַליפֿאָרניע...

אָבער ווידער אַמאָל — דאָס זיינען „ווילדע בלומען". ק י ט ס פֿלעגט באַוווּנדערן דעם כח פֿון „ווייסער רויקייט" און מיר דאַרפֿן באַוווּנדערן דעם כח פֿון דער דאָזיקער ענערגישער פֿאָלקס־פֿרוי.

---

## אַ האַרציקע באַגריסונג פון מיינע לאַנדסלייט

די קיעווער, מאַקאַראָווער און ראַדאָמישלער לאַנדסלייט גריסן האַר־ציק אַלע זייערע מיטגלידער סיי פון לאָס־אַנדזשעלעס ווי אויך איבער אַמעריקע וווּ עס געפינען זיך יידן וועלכע האַלטן זיך צוזאַמען. אַ באַזונדער גרוס די ראַדאָמישלער לאַנדסלייט פון די פריינט: נייטן בראַד, זיין פרוי און פאַמיליע; דזשעק מאַרקוס און פרוי; מעקס טולסקי און אַשער ווייס, היימי אייבראַמס, דוד מאיר פעלדמאַן, בעני און אַדעל פיר־שטיין — אַלע פון ראַדאָמישלע.

די אַלע אויבנדערמאָנטע באַגריסן דעם דאָרא שולנער בוך קאָ־מיטעט מיט דער שרייבערין בראש. מיר לייענען אירע ביכער און ווינטשן איר גרויס דערפאָלג אין איר אַרבעט. דאָרא איז אונדזער לאַנדספרוי.

משה סליידער, פרעזידענט

העראָלד מערענבערג, וויס פרעזידענט
נייטן בראַד, אדוויזער

## דאַנק אויסדריק

איך דריק אויס אַ האַרציקן דאַנק צו אַלע מיינע פריינט און ספּאָנ־סאָרס וועלכע האָבן מיט באַדייטנדע סומען געלט מיטגעהאָלפן אַרויסצו־געבן מיין פינפטן בוך „פערזענלעכקייטן אין יידישן לעבן". איך וויל פאַר־אייביקן אייערע נעמען ווייל זיי שפּיגלען אָפּ אייער שיינקייט און אָפּפער־ווילִיקייט צום יידישן וואָרט. גאָט זאָל אייך באַלוינען פאַר אַלץ וואָס איר האָט בייגעשטייערט סיי פינאַנציעל און סיי פאַרן גלויבן אין מיר.

אַ באַזונדערן דאַנק צו מיינע באַאַמטע פון בוך־קאָמיטעט: חבר נ. אזאלין, דער ביבליאָטעקאַר פון קולטור־קלוב, האָט מיך אינספּירירט און פיין דערליידיקט זיין מיסיע אַלס פינאַנץ סעקרעטאַר; פעניע פאַרמאַן, אַלס ביכער־פאַרוואַלטערין זאָל זיין געבענטש פאַר איר צושטייער. עס ווילט זיך באַמערקן אַז פעניע פאַרמאַן איז די מאַמע פון קאַרל פאַרמאַן, דער פילם פּראָדוסער און געווען די באַליבטע פרוי פון יצחק, וואָס מיר

ערן זיין אָנדענק מיט כבוד און ליבע. פעניע האָט, אַלס סעקרעטאַר פון בוך קאָמיטעט, פיל אַרויסגעהאָלפן; אַ דאַנק צו פעניע אַדלער פאַר שרייבן און אַרויסשיקן בריוו און פאַר מאַכן שיינע יום-טובים אין איר היים, און צו אײדא ליבערסאָן.

אַ האַרציקן דאַנק צו אַלע די וועמעס נעמען עס גייען אַריין אין דעם בוך.

דאָראָ שולנער.

---

טילע בריים
רייזיל טילעם
עטל סאוואל
ליובא בלאק
ע. ראָזינטאַל
בען בעקעט
עוועלין העטים פאַקס
נ. אַזאַלין
פעני פארמאַן
פעני אַדלער
מ. קאַפּלאַן
פריינט ארעלוק
מערי און דזשאָו גליקמאַן
ראָזע שאָמער
רעגינע ראַפּאַפּאָרט
קלאַראַ סילבער
בערנאַרד מאסט
שרה קריינגעל
ראָזע וועגעטיג
דזשעק קאָן, און פרוי
מר. און מרס. ניומאַן
יוסף און פייגעלע פאַניץ
מאָרים און רחל דייטש
פרעד קאָן
מאָרים און מאַניע פאַרבער
דר. ז. קלייען
הערי און פרוי ראָבינסאָן
פינטשע און פרוי בערמאַן
דר. און פרוי בערמאַן
ביילקע בלום
שרה פערסקי
א. ש. ווייזעל
גאָסי סארטא
סימע גאָלדבערג
יוסף קאַרשבעלא
ציליע און מאָרים מעקנין

פעני לעפעט
י. מערען און פרוי סאָניע
דזשאָ מילער
דזשעק סטילמאַן ע"ה
ליזע און וויליאַם שאָר
העלען לואיס
בעסי גאטלין
סאָפי ליווי
פריינט האָלצמאַן
י. האשעל
דר. צוקער
ראָזע באר
פערל טעמפּער
יצחק און חיה ניומאַן
קלאַרא סקיי
מירל און יעקב פּאַלמער
טשאַרלס לעסין
בעלא פיינמאַן
מיני קאַטינסקי
פרידא דעניסאַן
חנה בערקאָוויטש
רחל לעווענסאַן

חנה שאַפּירא, מילוואָקי
ראָכטשע שאַפּירא
מ. שאַפּירא
מ. שאַפּירא
ציליע שרייבער
ראָזע באלאַט
מלכה רויזענבלאַט
באָרים עבין
לואי און דזשעני ספּעקטאָר
ראָבערט וועקסלער
ש. וויטש
חזן און פרוי שעלינסקי
חזן און פרוי קאָזלאָוו
שרה קעסקיל
אסתר מלכה שוב
מ. און ציפּע פעלדמאַן
פרידע סיידאָוו
פאַמיליע אייזענבערג
י. גאָלדמאַן און פרוי, פלאָרידא
חזן א. קריץ
מאָרים און נעדי קאַבירניק
לייב און מיניע פרידמאַן

| | |
|---|---|
| סאָניע פּאָזין | ל. און דזשעני מאַטעל |
| פּעני דאָרפמאַן | טאַניע קייגען |
| מ. קאַראַנע | מאַקס ברעסלער |
| דאַיען לאַזאַרוס | פרעד קאַהאַן |
| בעטי בראַון | דר. ב. ראַדין און פרוי |
| ביילע און דוד שאַפּיראָ | מאַרים און לאה מייסאַן |
| סעם און סיידי וויינשטיין | דאָראַ ענסיל |
| אסתר וויינשטיין | פריינט ליבערמאַן |
| דזשעני סקווייער | איידע ליבערסאַן |
| הערי און סאָניע קרינסקי | עמיל ווייט |
| בלומע שאַפּיראָ | בן־ציון און ענאַ לעווקאָוויטש |
| יעקב און אַליאַ זינגער | פּ. בימקאָ |
| דאָראַ טשייסין | ש. דראַדזשעק |
| ט. שוואַרץ | פריינט מאָרגענשטערן |

## דאַנק אויסדריק צו דער יידישער פרעסע

דער דאָראַ שולנער בוך־קאָמיטעט דריקט אויס אַ האַרציקן דאַנק צו די פאָלגנדע:

מאיר וויינטרויב, מענעדזשער פון ל. א. „פאָרווערטס"; י. טיליס און מלכה הארעליק; די קאַליפאָרניער „שטימע"; דעם זשורנאַל „חשבון"; „טאָג־מאָרגען זשורנאַל"; „דאָס יידישע וואָרט" פון וויניפּעק, קאַנאַדע, נח וויטמאַן, אַרויסגעבער; יעקב סיגאַל, רעדאַקטאָר פון שיקאַגער ‚פאָרווערטס"; ב. קראַוויץ, רעדאַקטאָר פון „אונדזער וועג", שיקאַגאָ; אַ באַזונדערן דאַנק צום פּאַבלישער ב. לעווקאָוויטש פאַר זיין אָנשטרענגונג אַרויסצוגעבן דאָס בוך אַזוי שיין ווי נאָר מעגלעך.

מיר ווינטשן דאָראַ שולנער גרויס דערפאָלג אין איר פינפטן בוך „פער־זענלעכקייטן אין יידישן לעבן".

# אינהאַלט

●

# אינהאַלט



Mind you, he changed so much (in looks at least) that I would have never recognized him if he hadn't been pointed out to me by Dr. B. Reitman. I looked at him for over an hour without being able to recognize the old Max, the one I remember so well, the one who used to crawl off in a corner or rush out of the room when I came in. Or the one who used to shout at mother because she bothered with company when she should have served him his meal. There was a rather nice looking girl with him, his girl-friend, or wife? I presume. I think she was the youngest member in the audience and perhaps also the most pleasant looking. That's why I flirted with her, though we sat quite a distance apart. I wondered why Harry and family, nor Belle showed up. There was I think, a telegram from Harry.

And a number of others too, but your telegram was the nicest, and the most touching too. I was very glad.

I need not tell you however, how envious I was of the *young author*, your mother. And I wondered how many in the audience knew as much as I thought I did, about how your mother must have felt. Yes, indeed, I envied her, and wished I, too, had reached that stage. But whether or not I ever will, is still doubtful, since I can't make myself sit down and buckle down to work.

Emil White



